האַרציקע אָנערקענונג און דאַנק די פֿרײַנד ישׂראל סטאָלאַרסקי, בינם העלער און אַברהם סוצקעווער פֿאַרן דערמאָנען און מאָנען בײַ מיר אַרויסצוגעבן אין בוכפֿאָרעם די פּאָעמע קריסטאָבאַל קאָלאָן.

אַ באַזונדערן דאַנק די אַשכּנזישע קהילה אין מעקסיקע מיט שמעון פֿעלדמאַן בראָש און די פֿרײַנד עקיבא קלעצל און משה רובינ־שטיין פֿאַר זייער מי.

יעקב גלאַנץ

**Yaacov Glantz**
**CRISTOBAL COLON**



I.L. Peretz Publishing House
31, Allenby St., Tel-Aviv

**י. ל. פרץ־פאַרלאַג**
**רח' אלנבי 31, תל־אביב**

**Printed in Israel 1980**
**נדפס בישראל, תש"ם**

**נסדר בלינו־טור, רח' יסוד־המעלה 39, ת"א**
**נדפס בדפוס מ. ערבה, רח' לבנדה 36, ת"א**

# צו קריסטאָבאַל קאָלאָן

דאָ האָט זײַן פֿוס צום ערשטן מאָל געטראָטן
פֿון ווונדלאַנד אין לאַנד פֿון ווונדער.—
און גײ איך אום אָט דאָ אין שפּורן פֿון זײַן שאָטן
אין אַ ווײַטן אַנדערן יאָרהונדערט.
די אַלטע וועלט געוואָלט האָט ער באַנײַען
פֿאַרייִנגערן דעם חלום פֿון פֿאַרמעסט.
און אין טיפֿער נאַכט אָט דאָ
נאָך איצטער הער איך שרײַען
די שטים פֿון אורגעוואַלד וואָס צײַט פֿאַרגעסט.

נאָר מיר איז דאָ געווען איצטער באַשערט
די אײַנגעשטומטע שטים פֿונסנײַ אַנטדעקן.
און דעם וואָס האָט באַטראָטן צום ערשטן מאָל די ערד
פֿון זײַן דאָרנדיקן דורות-רו אויפֿוועקן.
—ברודער-וואַנדערער פֿון אייביק ווונדערלעכן זוכן!
אויך שטחים ימיקע צי אין העכסטע הימלדיקע ספֿערן.
מעגן רוישן ימען ראַשיקער און וועלדער מעגן קרוכן
כ׳וועל אײַנגעשטילטע שטים פֿון אַלטער אייביקייט דערהערן!

(סאַנטאָ דאָמינגאָ, האַרבסט 1949)

...כי כה אמר יהוה בורא השמים
הוא האלהים יוצר הארץ ועשה הוא
כוננה לא תהו בראה לשבת יצרה...
(ישעיה, מ״ה, י״ח)



די דריי קאַראַבעלן (שיפן) פון קריסטאָבאַל קאָלאָן (לויט אַן אַלטער גראַוויור) —
„סאַנטאַ מאַריאַ״, „לא פינטאַ״ און „לאַ ניניאַ״).

# שפּאַניע

### פּרעלודיע

א

אַלט־קאַסטילישע מדינה
מיט ראָמאַנטיק פול און לידער.
אַלט־שפּאַניאָלישן לאַדינאָ
רעדן היינט נאָך דײַנע ייִדן.
דײַנע ספרדים — ווײַט צעשפּרייטע
אויף דײַן שפּראַך זיי טוען תּפילה.
כ'האָב פאַרנומען זייער ווייטיק
און געלייענט זייער מגילה.

מגילת־שפּאַניע. פּאַרמעטענער טאָוול
ברענט אין פלאַם, ווי מידבר־דאָרן.
אין זיי נאָך וויינט דער טרויער בבל'ס
און גליט, ווי זון, דער דורות־צאָרן.

לאַנד פון ריטערס און לעגענדן
פון מיגעל סערוואַנטעס אי סאַוועדראַ.
כ'הער אַט איצט, ווי צווישן ווענט פיר
איז אַ זיידע מעביר סדרה.
זינגט זײַן ניגון ריטואַלן
ווי די ק אַ פּ ל אַ ס אַנדאַלוסיער
און די נאַכט מיט שוואַרצע שאַלן
האָט פאַרוויקלט די אנוסים.

הינטער פענצטער ווינט אַ פּאַלמע
ווי אַ ייִד ביַי תּפילה־זכּה.
אין די היַיזלעך ווײנען פּסאַלמען
אַ שטיל רעגנדל מראַקעט.
נאַכט האַלב טראָפּישע ווערט פינצטער
דרעמלען ייִדן אין טליתים
הינטער בלינד־פאַרמאַכטע פֿענצטער
שאַרן איצטער זיך די מתים
וואָס פאַרברענט אויף שײַטערהויפנס
אַ סקעלעטן־קאַראַהאָד.
מע פירט אַ ייִדן איצטער טויפן
— שריַיט צו הימלען זיַין אחד.

איך הער זיַין קול, מיר דוכט, באַקאַנטן
און זע זיַין שנייִיק־וויַיסע באָרד.
כ׳זיץ און בלעטער פֿאַליאַנטן
און פון ווערטער איינציק וואָרט
פלאַטערט אויף, ווי שײַטערפלאַם:
דאָס וואָרט איז בלוט — רויט און רויטער,
גיסט דאָס וואָרט זיך אָן ווי סם.
און ס׳ברענט מײַן בלוט שוין אויפן שײַטער.

ב
אַלט קאַסטיליע! אין דיַינע בלויע טיַיכן
ייִדיש בלוט נאָך פליסט אַ שנירל.
דורך דײַנע שיינע קעניגרײַכן
האָט געוואַנדערט איבן גבירול.
און אונטער הימלען בלאָע דײַנע
אונטער פּאַלמעס שטילן שאָטן
האָט ער געבראַכט צו גאָט זײַן טענה,
און אויסגעוויינט זיַין עולם קטן.

ער האָט געקלאַגט אויף מענטשן־צער
און געזוכט דעם מקור חיים.
און זײַנע אויגן — טיף און שטאַר
בליקן נאָך צו וועלט עד היום.

ווי ווײַן דעם חן פֿון דײַנע פּרויען
האָט אבן עזרא אויסגעטרונקען.
דײַן גאָלדנע זון און פּערלטויען
האָט ער אין שירים שיין באַזונגען.
מיט געזאַנג פֿון גאָלאָנדרינעס
און גוואַלדיקיווירס ריטמיש ברויזן
איז זײַן ליד אַדורכגעשפּונען
ווי מיט רויזן.

ס׳האָט יהודה הלוי זײַן עראָטיק
ווי אַ דימענט אײַנגעפּאַסט אין מאַדריגאַלן.
און אין דעם בוך פֿון דײַן עקזאָטיק
טרינק איך איצט נאָך ווי פֿון קוואַלן.

איך, אַן אייניקל פֿון יענע
זיידעס מײַנע — גרויסע דיכטער.
אין זייער בלוט כ׳וויל זיך דערקענען
און די לידער זייערע ווי ליכטער
מײַן וועג באַלויכטן זאָלן.
געשיכטע־קייט זיך בינדט אין רינגען.
איך באַזינג ניט די שפּאַניאָלן, —
נײַע שפּאַניע כ׳וויל באַזינגען
בלאָע בערג און גרינע לאַנען.
שנײַדן אויס זיך אין אָרעאָלן
געשטאַלטן אַלטע
דורך טומאַנען.

(מעקסיקע, 1934)

## PLUS ULTRA

1

...שווימט אַ שיף אויף וואַסערן,
שווימט צו ווײַטע ברעגן —
שיף וויל ים דורכמעסערן,
און ווינט צערײַסט די זעגלען.

ס׳איז דאָ אַ לאַנד פון זילבער,
גאָלד און בערג בריליאַנטן —
שנײַדט די שיף זיך ווילדער
צום לאַנד צום אומבאַקאַנטן.

וואַרפט די שיף און בייגט זיך,
שווימט אַ שיף באַנאַכטיק —
ווילד איז שטורעם, גרויזאַם,
און מענטש איז גרויזאַם, מאַכטיק.

מענטש זוכט וועלטן נײַע,
די אַלטע וועלט פאַרניכטעט,
ערגעץ ברענט אַ פײַער
און באַלויכט געשיכטע.

2

ס׳איז פערצן צוויי און נײַנציק.
מענטש איז בלינד און גײַציק

ווער ס'איז נישט אונטערטעניק
דעם גלח און דעם קעניג,
דער האָט ווידערשפעניקט.

ברענט אַ פײַער אין מאַדריד,
אין מיטן שטאָט
קאַראַהאָד.
געשרייען.
עס ברענען אויטאָדאַפעען
אין מאַדריד.
מע פירט אַ ייִד
צום שײַטערהויפן
מענטשן לויפן, לויפן,
שטראָמען.

גייט אַ שיף
און שנײַדט די שיף
פון תּהומען.
ציט צו לאַנד,
צו נאָמענלאָזע ברעגן.
און דער ווינט
ווי מיט זעגן
זעגט די מאַסטן,
רײַסט די זעגלען,
וואַרפט מיט רוגזה
שיף
און וואַרפט.

און לבנהס הערנער־שאַרף
שנײַדט דעם ימען־אייבערפלאַך.

3

אַ פּיראַט אין רויטער הוט —
די זון.
אַ טאָג קומט אָן
אין בלוט.
שטייט קאָלאָן
בײַם שיפֿראַנד —
נישטאָ קיין לאַנד,
נישטאָ קיין לאַנד. — — —

צוויי לבנהס זיך געביטן,
טויזנט מײַלן דורכגעשניטן,
מער ווי זעכציק וואַסערנעכט, —
נישטאָ קיין ערד,
נישטאָ קיין ערד.
און זײַן גוף — אַ מאָנומענט —
קאָפּ אויף הענט —
קוקט אין וואַסער־טראַנספּאַרענט. —

לויטער־קלאָר איז ימען־גרונט.
קוקט קאָלאָן מיט אויגן מאַט. —
בונט. — — —
פּאַרראַט. — — —
און די זון ווי אַ פּיראַט
קריכט אַלץ העכער צום זעניט,
גליט.

בלויער האָריזאָנט.
קיינער גלייבט מער נישט
אַז ערד איז נאָענט. — — —
שטילקייט רוט — אַ בלויע שאָף,
קילקייט וויגט צום שלאָף,

ווייגט איין.
וואַסערבלוי און זונענשיין.
קאַלאַן שלאָפט איין. — — —

4

ים צעקרויזט אין בלויע רינגען.
נאַכט קומט אָן אויף זילבערשיפן.
שלאָפט קאַלאַן.
לבנה פינקלט,
ווי פון דימענטן געשליפן,
שווימט אַ שיף און מאַנשאַפט דרימלט.
נאַכט און שטילקייט. ים און הימל.
און קאַלאַן אויף מאַמעס הענט
חלומט נייעם קאָנטינענט:
הינטער ימען, אָקעאַנען
איז אַ נייע וועלט פאַראַנען;
זון איז דאָרט דאָס ברויט טאָגטעגלעך, —
דאָרטן וועלן שיפן זעגלען. — — —

שיפן דריי, פון גאָט געשיקטע,
שיפן זיך אין נאַכט פאַרוויגטע.
נאַכט און ים און ווינטן קלאָגן —
און ס'שאַריִעט שוין אויף טאָגן.

זון אין רויטן — ים־דעק פאַרבט,
מאָרגנשטערן בלייכט און שטאַרבט.
ווי צעבלוטיקט־רויטע פאָנען. — — —

אַנטוישטע מענטשן מאָנען
(שווער צו טראָגן שווערע לאַסטן):
— „האָסט געזאָגט אונדז דריי מעת־לעת,
טאָ באַווייז דעם גרויסן נס!...“

און קאָלאָן, נישט מער ווי מענטש,
בייגט דעם קאָפּ אויף שיף־פּאָרענטש,
בייגט דעם קאָפּ און בלײַבט פֿאַרשטיינט,
בייגט דעם קאָפּ — און וויינט. — — —

5
קאָפּ פֿון זון אויף מאַסטן ברענט.
קאָלאָמבאָ האָט זײַן קאָפּ געלענט
צו דער וואַסערטיף אַראָפּ.
שווימט די שיף
און ס'שווימט זײַן קאָפּ.
געדאַנקען שווימען מיט:

ערגעץ בליט,
גייט־אויף אין זונענגלי אַ לאַנד.
און ער — קאָלאָן — איז מיד און קראַנק.
נאָר אייביק, ווי דער ים, איז מענטשלעכער געדאַנק.
און אפשר איז פֿון טרערן פֿול דער ים,
און אפשר זענען טרערן סם
פֿאַר ווײַטן נעפּלדיקן ציל?
און אפשר דער, וואָס וויל
דערקלעטערן צום גליקלעכסטן פֿאַרלאַנג,
און דער, וואָס בליקט אין פּנים פֿון דער זון, —
אָט דער מוז ווערן בלינד? — — —
און אָט איז ער אַ קינד:
ער קלעטערט אויף אַ באַרג,
דראַפּעט זיך און פֿאַלט אין טאָל...
אַ מאָל איז דאָס געווען, אַ מאָל —
אַ קינד געווען אין וויג.
און איצטער — קלעטערט ער צום זיג.
דער זיג איז ווײַט,
ווי ווײַט עס איז די וויג.

און ער אַצינד איז מיד.
זינגט דער ים אַ ליד,
דאָס ליד פון אייביקייט,
פון אַלט און נײַער צײַט. — — —
און צום ברעג איז ווײַט!
און ווינטן זענען עסנדיק און שאַרף,
און זעגלען רײַסן זיך — און שפּילן ווי אַ האַרף.
און, אוי, ווי עלנט איז אַ מענטשלעך האַרץ!
דעם שטאַרקסטן בוים
דער שטורעם שפּאַלט,
און ווי אַ בלום, וואָס וועלקט,
פאַלט
אַ ריז אין שלאַכט.

ווידער טאָג און ווידער נאַכט,
און ס'האָט קיין טויב אַ גרוס געבראַכט
פון ערד און בוים,
פון וואַלד און פעלד. —
נאָר רוים און רוים.
און טרוים
ווערט קיין מאָל וואָר. — — —
נאָר אייביק איז דער צער,
וואָס פרעסט דעם חכם ווי דעם נאַר,
און אייביק, ווי דער ים, איז מענטשלעכער פאַרלאַנג.

6
...ווי מיט שאַרפן ים־געטראַנק,
מיט אומרו אָנגעטרונקען,
איז קאָלאָן, דעם קאָפּ געזונקען,
שטום געשטאַנען אויפן ראַנד. — —

(און בײַ ראַנדן רוט אַ לאַנד...)

איין זײַט הימל שוואַרצער ווערט,
ווי מיט שטיקער פלאַכטעס ערד
וואָלט דעם הימל ווער באַדעקן.
און צעצוימטע ווײַסע פערד
גאַלאָפּירן נאָנט, שוין נאָנט,
בײַ דעם שוואַרצן האָריזאָנט...
און פון אַלע עקן
הימל און פון ימען־אייבערפלאַך
קומט אַ קאַלטע שטורעמנאַכט.
שטורעם קומט און הוראַגאַן. — — —

דע־טאָררעס :

מ אַ ע ס ע, ברודער,
האַר קאַלאָן, —
נאַכט און שטורעם קומען אָן.
נאָר אונדזער שיף האָט צוריק קיין וועג נישט !
אָט אַזוי וועט ווינט אונדז יאָגן,
דורך שוואַרצער נאַכט און אָנהייב טאָגן.
אַ בליק אין עבר דו דערוועג נישט
אָנצוּווענדן !
ס'וועט שיף אין ווינט
זיך טרײַבן ווײַטער
איבער כוואַליעס־אינדן,
דורכן ווילדן ים־שיגעון,
און אויב נאָר בײַשטיין דעם נסיון —
וועט שיף צו ברעגן ברענגען.

דאָרטן וועלן מיר אויפהענגען
אויף די פּאַלמעס אונדזער טרויער
פונעם גלות־וועג דעם לאַנגן, —
ווי ס'האָבן מײַנע ברידער אויפגעהאָנגען
די פידלען זייערע אויף ווערבעס
בײַ די אַלטע טײַכן בבלס. — — —

קאַלאָן:
ווי אַ שטראַל דורך הויט פון נעפל,
האָט דײַן טרייסטוואָרט אויפגעהעלט,
וואָגל־ברודער טאָררעס,
אין מײַן שווערמוט.
וואָרט דײַנס —
ווי באַלזאַמען אויף די ווונדן,
וואָרט פון חבר אין אַן עלנט —
כ'בין געגעזן פון מײַן יִיאוש.
כ'האָב געלעזן אין די אויגן דײַנע,
ווי אין ספרים,
גרויסן סוד פון לעבנס־חכמה־דויער.
וואָרט דײַנס, טאָררעס,
לעשט אין מיר דעם טרויער;
כ'האָב געדרימלט: גרויער הימל,
בית הקברות,
בערגלעך קברים.
און איך נאָר איינער
צווישן שטיינער קאַלטע
גיי אַרומעט. — —
ס'האָט דער אומעט
פון מעת לעתן
אויפגעפרעסן
און צעבראָכן
לעצטן גלויבן און בטחון...
ס'האָט געזאָגט ס נ ה ו ר און ז אַ ק ו ט אַ,
אַז געקאָנט האָט רבי משה
שפּאַלטן ימען
און זײַן פאָלק דורך פינצטערע מאַרשרוטן
פירן און באַפרײַען,
ווײַל זײַן איינציקער כלי־זין
געווען איז גלויבן

אינעם בורא.
ווי מיט פײַער, אין דער מדבר
איז זײַן וועג געווען באַלויכטן
מיט דער תּורה. — —
ווי רבינו משהס טאָוולען,
אָט דעם פאָטער פון ישׂראל, —
ווי די לוחות פון באַרג סיני,
האַלט איך הייליק מײַנע לוחות
פון מײַן רבין פון ליסבאָאַ;
אַבראַם זאַקוטאַ
האָט אָנפּאַרטרויט מיר זײַנע טאָוולען,
ווו געצייכנט זענען וועגן,
ווײַטע ימען,
אָקעאַנען,
און אויף זיי איז אויך פאַרצייכנט
אָט דאָס לאַנד, דאָס אויסגעטרוימטע.

רוף א ַ ל א ָ נ ס א ָ ן, זאָל ער הערן:
איך וויל שווערן
בײַ דעם חלום פון מײַן יוגנט,
אַז די וואַלפיש
מײַנע ביינער זאָלן פרעסן,
אויב איך וועל פאַרגעסן
פון מײַן ר ב י ן פ א ָ ר ט ו ג א ָ ל ע ר,
און דאָן איסאַאַק א ַ ב ר א ַ ב א ַ נ ע ל,
דער וואָס האָט פון קעניגס אוצרות
פאַר מיר שיפן אָנגעברייט,
און ווער מיט אוצר
פון זײַן מוח
האָט מײַן וועג מיר אָנגעצייכנט,
דורך ווינט
און שטורעם

אויף ימען,
דורך ווירבל פון געפאַרן
און דורך נעפל, ווי אין מדבר,
אָנגעצונדן מיר דעם פייַער
פון מייַן גלויבן
אינעם מאָרגן...

7

הימל לייטערט. האַלבע נאַכט.
און דורך כמאַרעס, ווי אַ שיפל,
שווימט לבנה,
און איר פנים פון אַ נאָנע
איז מיט שלייערן פאַרוויקלט:
אויגן בלויע בליקן
אינעם דורכזיכט פונעם וואַסער,
און עס בלישטשען זילבערפאַסן —
ווייַסע שטראַלן.
ס'איז אַ בלייכער שטראַל געפאַלן
אויף קאָלומבוסעס געזיכט,
ווי ס'וואָלט אַ ליכט
זיך אָנגעצונדן
אין די אויגן האַלב־פאַרמאַכטע,
און ער זעט אין בלאָען שפּיגל,
ווי עס קוקן,
ווייַט פאַרטראַכטע
דורך דער טיפעניש פון ימען,
זייַנע אָבות — אַלפינער אַלטע שטאַמען —
זקנים־פישערס
ביי די מיטללענדישע האַפנס.
און ער זעט די גענואינער,
ווי זיי ראַנגלען זיך מיט ווינטן
אויף די לעכערדיקע שיפלעך,

און זיי שווימען קעגן שטראָמען, —
זייַנע אָבות — די אַלפּינער
אויף שטח אָפּענעם פון ימען.
ווו נעמט מען זייער ווילן,
גרויסן כּוח פון דערפאַרונג
ווילדן ים אַריבערשווימען,
צו דערגרייכן די יבשות
פון די אויסגעבענקטע לענדער? — — —

קאָלאָן:
קאַמאַראַדן פון מייַן וואַנדער!
פּינזאָן אַלאָנסאָ,
און דו, פאַרפאָלגטער ברודער,
טאָררעס —
איר, וואָס ציילט אפשר די רגעס
פון דעם פירער אָן אַ קאָמפּאַס,
אויף גרויסע וואַסערן צערוישטע!
כוואַליעט ים און יאָגט די וועלן,
שלאָגט בייַ ברעגן־ווו די פעלדזן,
אַלטע, דורותדיקע עדות, —
און ער וויל נישט אונטערשיידן
צווישן אייניקל און זיידן,
צווישן טויטע סילועטן
און די לעבעדיקע וועזנס,
וואָס זיי פלאַטערן אין שטורעם,
ווי די ביימער האַלב־צעבראָכן,
מיט די צווייַגן, ווי אבלים,
צו דער ערד אַראָפּגעצויגן...

דע־טאָררעס:
זאָג נישט, מאַעסטראָ,
אַז די פעלדזן

זענען גלײַכגילטיקע עדות
פון די דורות, וואָס פאַרגייען;
זיי זענען אויכעט פעדעסטאַלן,
אויך אַן אָנלען אין געוויטער
פאַר די טרוימער און פאַר מידע,
פאַר די גייערס אָן אַ ריכטונג;
און אַ נאַכטלעגער פאַר אָדלערס,
און פאַר מעוועס — בעלי בשׂורות —
וואָס זיי ברענגען אונדז ידיעות
פון די נאָענטע יבשות.
כ'הער די מעוועס, דוכט מיר, שרייַען,
זאָגן אָן די גרויסע בשׂורה,
אַז די שיפן דורכן שטורעם,
דורך געפאַרן פון געוויטער
וועלן לאַנדן
אין די לענדער
פון די גאָלדענע הבטחות...

קאָלאָן:
ס'איז דיר גוט דורך דורות לייַדן,
טויזנטיאָריק פּייַן און צרות,
בלוט און פלאָגן, —
וואָס דו קאָנסט נאָך טראָגן
בירושה, טאָררעס,
אינעם אויפרויש פון די בלוטן,
דייַן קשה־עורפדיקן וואַרטן
אויף די טעג פון סוף געגאַרטן!
און אויב דעם טרוים
אין פּייַן פאַרזייטן
קאָנסט נישט בינדן אים אין גאַרבן
פון נצחון —
קאָנסט, ווי משה, שטאַרבן

פול בטחון,
אַז די קינדער וועלן אַרבן
ס'הייליק לאַנד, דאָס צוגעזאָגטע.
נאָר איינער איך —
דער שווער געפּלאָגטער,
דער געשמיסענער פון ווינטן
און פון לעבן,
וועל נישט קיינעם איבערגעבן
גאָלדן שליסל פונעם טויער טריִומפאַלן;
כ'וועל דעם פּערל פון מײַן חלום
אין די אוצרות פון מײַן דאָ־זײַן
נאָך באַהאַלטן!
כ'וויל אַליין פאַרזייטן זאָמען שנײַדן
און מײַן נאָמען זאָל פאַרבלײַבן
אין די פּאַרמעטן מיט גאָלדשריפט
אויף דורי־דורות יאָרן,
אין די עלטסטע אַנואַלן
פון ק אָ נ ק י ס ט אַ ד אָ ר ן
און באַזיגער.
צוואַנציק יאָר מײַן ווילן שלײַף איך,
און איך שטײַף מיך
נישט צו פאַלן,
איידער שטראַלן פונעם אויפגאַנג
זאָלן קאָפּ מײַנעם נישט קרוינען!...

דע־טאָררעס:
ניין, קריסטאָבאַל!
זײַ אַ מאַסטבוים אינעם שטורעם,
און דורך טרויער פון יסורים,
אין דער לײַטערניש פון דויער,
ווי אַ האַרבסטפעלד אין געוויסער,
וועט דער אויסלייזטאָג זײַן זיסער.

נישט איך און דו,
נאָר צײַט איז אייביק;
און דער קאַמף איז הייליק!
און דער קעמפער הינטער גראַטן
ווערט פאַראייביקט דורך די טאַטן.
און אין ווילדן ים־געזאַנג
איז דורות־דראַנג
פון האַר און שקלאַף —
סוף און אָנהייב פון באַשאַף. — — —

8
ס'איז קאָלאָן נישט מער ווי מענטש:
זיצט ער מיד בײַם שיפּפאָרענטש,
אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף האַנט
און ער חלומט ווידער: לאַנד.
אין שטילן פלוס די אַ ל מ י ר אַ נ ט אַ,
דער ו ו י כ י אַ וואָס פאַרדעכטיקט,
בליקט מיט אויג פאַרדעכלט
אין די ווײַטן אומבאַקאַנטע. — — —
העלער ווערן בלויע ווײַטן,
זון ציט העכער צום זעניט
און אין רויטן פּורפּור גליט.
און אַ שטיל און וואַרעם ווינטל
אין קריסטאָבאַלס גרויער באָרד,
קעמט און קעמט די ווײַסע האָר.
נאָענט, נאָענט
בײַ אַלמיראַנטאַ,
אַ שטילע שווימט די שיף „לאַ ניניאַ”,
און „לאַ פּינטאַ” שווימט צו ראַש. — — —

ווי אַ ליכטיקן מיראַזש
זעט ר אָ ד ר י ג אָ ד ע ט ר י אַ נ אָ:

אין שאַרלעך־בלויען פערלמוטער
שנײַדט זיך אויס אַ גרינער פלעק. —
ווי אין שרעק,
וואָס גייט אַריבער
אין הייסן פיבער,
בליקט ראָדריגאָ צום פּייזאַזש,
וואָס שנײַדט רעליעפער זיך און שנײַדט. — —
און ער שרײַט
צום עקיפּאַזש
פון די דרײַ געבענטשטע שיפן
מיט אַ קול פון טיפן:
„ערד !"...
און זײַן קול, ווי נישט דערהערט,
הילכט אָפּ ראַשיק אין די רוימען,
אַז פון טרוימען
ווערט שוין וואָר !...
און דאָס ערדיש־וואַרעם ווינטל
לאַשטשעט, ווי אַ היימיש הינטל
און עס גלעט די גרויע האָר
פונעם וועלט־אַנטדעקערס באָרד. — —

...און בײַם ברעג פון נײַער וועלט
(מענטש איז מער נישט ווי אַ מענטש)
שטייט קאָלאָן בײַם שיפּפּאָרענטש,
קאָפּ אויף הענט,
קוקט אין וואַסער־טראַנספּאַרענט:
ס'שטייט קאָלומבוס־מאָנומענט. — — —

1

ערשטע נאַכט אויף נײַער וועלט,
ווי אַ בליץ אַדורכגעלאָפן. —
נאָר אַ פוס אויף ערד געשטעלט,
איז קאָלאָן נישט אײַנגעשלאָפן.

שאַרפער דופט פון נײַער לאַנדשאַפט
און געשריי פון פּאָפּוגאַיען.
ער הערט די מאַנשאַפט,
דוכט זיך, שרײַען,
די אַנטוישטע פון דער רײַזע
אָן אַן ענדע.
שטייט ער אויף, ער וועט זיי ווײַזן:
„זעט, פון וואָר ווערט באַלד לעגענדע!
אָט איז ערד אַן אויפגעגרינטע,
און מײַן טרוים אין רעכטן בליִען...״
נאָר ער הערט, ווי ס'וויינען ווינטן,
און עס נעמט אויף טאָג שאַרִיען.

2

קאָפּ פון זון אין רויטן טעלער
קײַקלט זיך פון ים אַרויס,
ווערט דאָס אינדזל העל און העלער,
נישט קיין אינדזל — רויטע רויז.

נאָר ער וואָס קען די הימל־וועגן
און לייענט לויף פון האָריזאָנט,
זעט, אַז ס'שנײַדט זיך אויף אַ רעגן
און עס נענטערט אַ ציקלאָן.

3

שיפן שווער בײַם ברעג פֿאַראַנקערט,
און ער אַליין איז ווי אין צוואַנגען.
די זון, ער זעט, אין שוואַרצן שאָטן,
ווי אַ פֿונק אין נעפּל טליִעט.
עס ליגט זײַן האָפֿענונג צעטראָטן,
און זײַן טרוים איז — אויף דער תּליה...

וויל ער שרײַען, נאָר ער קאָן נישט,
וואָרט איז טויט אויף קאַלטע ליפּן.
און ער הערט, ווי פֿויגלען שרײַען,
און אין גראָז די שלאַנגען שיפּען.

און אַן עקדיש פֿון די גראָזן
וויקלט זיך אַרום די פֿיס אים,
און ער ווערט זיך, וויל נישט לאָזן,
נאָר אַ שלאַנג האָט אײַנגעביסן.

און ער עפֿנט אויף די אויגן,
און ער וויל די ווונד פֿאַרבינדן.
דערנעבן טאָררעס שטייט געבויגן,
און אַ גלח שטייט פֿון הינטן:

— „זאָג, מײַן קינד, די מאָרגן־תּפֿילה,
זינג אַ לויב צו גאָט אין הימלען!"
און te deum שעפּטשעט שטיל ער,
און ער מורמלט ווי פֿון דרימל.

זיפֿן ווערטער זיך פֿון לעפֿצן,
נישט קיין ווערטער — שטילע קרעכצן.

4

ווי אַ שיף פון לויטער ליכטער,
שווימט די זון אויף אָקעאַנען.
ווי די לאַמען פאַרן שעכטער,
פאַר קאָלאָנען — די אינדיאַנער.

און עס פרעגט זיי אויף ס י פ אַ נ ג אָ,
פרעגט, ווּ קאָן מען גאָלד געפינען?
אינדיאַנער זאָגן: „אין סיבאַהאָ",
דאָרטן זענען גאָלדן־מינען,

און געווירצן, פײַנסטע שטיינער,
פאַראַן אויך פערל, פערלמוטער.
— „הייבט די אַנקערס פון די שיפן,
איידער ס'קומט נאָך אָן געוויטער!

זעט, צי וואַסער איז גענוג דאָ,
און די זעגלען, זעט, ווי זענען!"...
און אינדיאַנער בײַ די ברעגן,
אין די אויגן פונקען ברענען.

און זיי שטייען אָדם־נאַקעט,
און זיי בליקן ווי די שפּאַרבערס.
עס ווײַזט קאָלאָן דעם וועג די שיפן,
דאָרט ווּ זון גייט איצטער שטאַרבן.

צו דעם רויטן זונפאַרגאַנג
קוקן שטילע די אינדיאַנער.
פון ערגעץ קומט אַ ווירבלווינט,
נאָר זיי ווייסן נישט פון וואַנען.

„...אונדז געבראַכט די שענסטע זאַכן,
הימל־מענטשן וואָס געקומען...”
און די כוואַליעס ווילדע לאַכן:
— „אויכעט עפּעס צוגענומען!”

ווינטן ריידן אויף צוויי שפּראַכן,
און די כוואַליעס ווילדע ברומען:
„אונדז געבראַכט די שענסטע זאַכן,
אויכעט ע פּ ע ס צוגענומען...”

ס'האָט דער ים צעמישט דאָס לשון
פון די פעלקער אויף דער ערד.
ווען די זון האָט זיך פאַרלאָשן,
שנייַדט לבנה, ווי אַ שווערד.

און דער ו ו י ל ד ע ר אינדיאַנער,
וואָס איז געשטאַנען קאַלט־פאַרשטיינט,
האָט בייַם ברעג פון אָקעאַנען,
ווי אַ קינד, זיך שטאַרק צעוויינט.

5

שיפן שיפן זיך אין ים.
בלויער אָוונט ווי אַ לאַם.
און דער אַלטער אַלמיראַנט
חלומט ווידער אויס אַ לאַנד.
ס'איז אין יענעם לאַנד פאַראַן
גאָר אַ גרויסער קעניג: „כ אַ ן”.
איז דער קעניג רייַך און קלוג,
שעפּט ער גאָלד דאָרט מיט אַ קרוג.
און אין יענעמס קעניגרייַך
וועט מען לעבן גליקלעך, רייַך.

גליקלעך איז נאָר דער וואָס טרוימט,
און אַ לאַנד זיך אויסגעטרוימט.
רוף דאָס לאַנד אָן ווי דו ווילסט:
אין חלום שיין איז יעדער שפּיל.
און טראַגיש־שיין, און קרענקלעך־גוט,
ווען שיינקייט זעט מען אויך אין בלוט.

6

דרײַ אינדזלען אַנטדעקט
האָט קאָלאָן און געהייליקט.
אין נאָמען פון גאָט
און אין נאָמען פון קעניג
קרײַצן פאַרזייט דאָרט
און ווײַטער געוואַנדערט.
נאָך נישט געפונען קיין אָרט
ווו צו לאַנדן.
מיט ווינטן דרײַ טעג און דרײַ נעכט
זיך געראַנגלט,
אַלץ נישט געפונען דעם ברעג
פון ס י פּ אַ נ ג אָ.

7

דער ווײַזער פון זון
איז צו מיזרח געפאַלן,
ווען ס'זענען קאָלומבוסעס
דרײַ קאַראַבעלן
אַרײַן אין דער בוכטע
פון אינדזל ס י ב אַ ה אָ.
באַטרינקענדע ריחות
פון טראָפּישע פלאַנצן:
צעוואַקסענע ביימער
מיט קעפּ פון נזירים,

דמיון־געשטאַלטן
פון ווײַטע לעגענדן.
מאָדנע געשרייען
פון פייגל קאָלירטע,
און זוניקע שטראַלן
אין אָפּגלאַנץ פון וואַסער,
ווי פּערל צעפינקלט
אין ליכטיקע קוואַלן.
די מאַנשאַפט, פאַרכלינעט
פון טראָפּישער פלאָרע,
אין זינגענדער שטילקייט
פון ריטמישע וועלן,
פאַרבינדן די שטריק
פון די דרײַ קאַראַבעלן.
געאַנקערט די שיפֿן.
מאַטראָסן, ווי פייגל
אין דופטיקייט שווימען.
קאָלומבוס באַטראַכט
מאַיעסטעטיש די ברעגן.
ער נישטערט אין וואַלד
צווישןביימער סימנים:
אַן אָנדײַט אויף יענע
פאַרצויבערטע לענדער,
וואָס האָט ט אָ ס ק אַ נ ע ל י
פאַרצייכנט אויף מאַפּעס.
ער זוכט בײַ די פיס
פון די שטויביקע פאַלמען
די ראָזעווע פּערל...
און ווייסט, אז ק י נ ס אַ י,
די הויפּטשטאָט פון כאַן,
איז נישט ווײַט דאָ.
אין וואַלד איז שוין דעמער.

דיביימער זיי טוען זיך אָן
שוואַרצע טאָגעס
און שאָקלען זיך פרומע,
ווי אַלטע מאָנאַכן
בײַם הייליקן מאָלצײַט.
קאָלאָן איז פאַרפלאָכטן
אין וואַלדישע נעצן;
דער אויסגאַנג צו ברעגן
ז'מיט טונקל פאַרהאָנגען...
אַלמיראַנט האָט פאַרבלאָנדזשעט,
ס'איז פרעמד אים יבשה.
אַ צייכן ער גיט —
אַ רוף אין געפאַרן;
עס קומען צו פליִען
צוויי פלינקע מאַטראָסן
און נעמען אַוועק אים
צום ברעג פון זײַן אָנהייב.
קאָלאָן איז אַנטשלאָפן
בײַ ראַנד פון דערגרייכונג.
לעאָפּאַרדן ער חלומט
און לייביכעס בייזע
באַוואַכן דאָס בעט
פונעם שני למלך...

8

ס'איז האַרבסט איצט, אָקטאָבער,
אין לענדער, אין ווײַטע.
און דאָ, איז „אַפּריל אַנדאַלוסיער",
די זון אַ פאַרשײַטע
אויף טוייִקע צווײַגן.
פרי־פריידיקער פויגל־געזאַנג
אינעם מאָרגיקן שווײַגן.

עס שיפּען און קלאַפּן
אין גראָזן די שלאַנגען.
אויף ביימער האָט טראָפּיק
זיין גאָלד אויפגעהאַנגען.
רויטגאָלדיק
דער טאָג ווערט צעגליט.
פּילשטראַליק
די ביימער אין צוויט.
קאָלאָן איז מיד —
איז דער שלאָף
אַ זיסער.
נאָר דער ים
איז אויפגערוישט.

וואָס רוישסטו ים
אין פריִער שעה?
— קיינער ענטפערט נישט.

9

אויף נאַקעטע בלויען פון הימלען,
טאָג ווערט געבוירן אַ העלער.
עסקאַדראָן אין טיפן דרימל
אויף די אַלטע קאַראַבעלן.
און די וואַכטע אויף די שיפן,
ווי פּיראַטן אין געלויער.
טאָג זיך עפנט אויפן אינדזל —
אַ גאָלד־באַזוימטער טויער.

10

אונטער פעכער פון די פּאַלמעס
זיצט קאָלאָן אין די פריִע שעהען.
אויפן הימל — ווי דורך בעלמעס —

זעט ער שוועבן שוואַרצע קראָען.
און די ענטלעך שרײַען ווילדע,
און קאָלירטע פייגל פליִען.
ער וואָלט וועלן איצט דערציילן
פון זײַן נאַכטיקער נסיעה.
נאָר ער האָט נישט וועמען טרויען,
ווער ס׳זאָל דורכרײַסן דעם נעפּל;
ער וואָלט אַליין זיך וועלן ראָיען
אין די טיפן פון זײַן לעבן.
עפּעס רוט ער אין די נעכט נישט,
ליגט מיט אויגן האַלבע־אָפן...
און חלומות מאָדנע זעט ער,
ווען ער ווערט נאָר קוים אַנטשלאָפן.
ס׳איז דאָך דער מענטש נישט מער ווי מענטש,
מוז אַראָפּרעדן פון האַרצן.
בלעטער וואַקסן אָן אין פרילינג,
ווען זיי פאַלן אָפּ אין האַרבסטן.

ער איז אַלט שוין, אָפּגעבלעטלט,
מוט ווערט שוואַך און שוואַכער.
עפּעס רײַסט אין אים אַ צווייפל,
ער האָט מורא, ס׳זאָל נישט קראַכן.

**11**

אין דומם־שטילער מאָרגנרו
קאָלומבוסן באַגריסן קומען,
מיט דעם אויפגאַנג פון דער זון,
ראָדריגאָ דע טריִאַנאָ,
דע־טאָררעס און פּינזאָן.

ראַפּאָרטירן די שלוחים פון דער וואַך:
„אָן שינוי דורך די נאַכט,

די שיפן ווערן רעפּאַרירט,
אויף באָרטן טריקענען די פּרוכט.״

פּינזאָן אַלאָנסאָ דיספּאָנירט
קאָנקיסטאַ־פּלענער:
ווי צו דאָמינירן קענען
און ווי אויסגעפינען די עשירות פון לאַנד.
און ס׳דערציילט דעם אַלמיראַנט
ראָדריגאָ דע־טריִאַנאָ:
— „ס׳איז דאָ אַ טײַך, אַ בלאָער
אינעם צפונדיקן קאַנט,
קובאַקאַנאַן.
זאָגן אײַנוווינער פון אינדזל:
דאָרטן פליסן שטראָמען גאָלד
און פּערל־אוצרות בײַ די פעלדזן
קאָן מען שאַרן מיט די הענט. — —״
און אין שאַרלעך־רויט
פון דורכזיכטיקער ווײַט,
די אויגן
אויף אַ פּינטל אָנגעצילעט שטאַר —
דע־טאָררעס.

ס׳איז אַ וועלדל אָנגעצונדן,
ווי אַ שײַטער אין דער זון.
פונעם פלעמל שטרעקן צונגען זיך
צו הימלען.
און ער שפּירט אַזאַ מין צאַרטקייט,
ווי אַ ציטערדיקע ציטרע
וואָלט געכליפּעט
אין דער איינזאַמקייט פון בערג.

און קאָלאָן, ווי אין דעליריום,
רעדט אין ווײַטקייט פון פּייזאַזש.

קאָלאָן:

— אין וואַלד בין איך געגאַנגען,
איין אַליין אין טיפן וואַלד,
צווישןביימער אָן אַן אויסגאַנג.
איך אַליין מיט מײַן באַגער נאָר,
און מער קיינער.
ס'האָט געגליט אין מיר
אַ בענקשאַפט
און געשטשעמעט
ווי אַ ווונד.
כ'בין מיד געווען צו גיין מער
און די אויגן
מיד צו וואַרטן
אויף אַ דורכלויכט
צווישן ביימער.
אוי, די רגעס פון פאַרצווייפלונג,
טאָררעס!
פאַרצווייפלונג פון אַ גייער
אינעם מדבר,
ווען ער טרעפט נישט
קיין אָאַזיס.
און די ביימער —
ווי אין מאַנטיעס
אײַנגעהילטע קאַרדינאַלן
אַ טרויער־מעסע,
פונעראַלן.
און ארונות, קאַטאַפאַלן:
אַ לוויהקע פראָצעסיע.
לאָרבער־קראַנצן
און אַ קבר,
און אַ צווייטער.

דעמער. דער אויסגאַנג
האָט פאַרמאַכט זיך ;
ביי אַ בוים —
אַ וויסטן נזיר —
האָב איך אָנגעלענט
מיין קאָפּ.
אָנגעשפּאַרט מיין גוף
און נישט געשלאָפן,
די אויגן מיינע אָפן
צו די כמאַרעס.
און געזען האָב איך
אַ זעונג, טאָררעס,
נ י ש ט אין חלום :
אין וואָר
פון בין־השמשות.
ווי פון יעזוסן
דאָס אָפּבילד,
ווי איך זע איצט
דיין געזיכט :
כ׳האָב געזען אַ פּאַלאַץ.
נישט אַלהאַמבראַ
פון גראַנאַדאַ,
נאָר אַ פּאַלאַץ —
לויטער גאָלד,
העלפאַנטביין,
קרישטאָלן.
זיבן טירן
אינעם פּאַלאַץ,
באַצירט מיט פּערל
און טאָפּאַזן,
יאַשמין, פּערלמוטער.
און זיבן

גינגאָלדענע שטולן,
און זיבן האַרן
אויף די שטולן —
גאָלד און פורפור
אויף די הענט.
און בײַ די שטולן —
זיבן הינט...
און די קעפּ בײַ זיי
פון לייבן,
ווי די לייבן פון קאַסטיליע.
און די צונגען ! —
רויטע צינגער בלעקן.
און די ציינער אָנגעשאַרפטע,
ווי בײַ לעמפּערטן די קליקן,
און זיי סלינען אויף טאַפּעטן.

און איך — בײַם טיר —
אַן אַלטער פרוש,
האָב קיין שטול נישט
וווּ צו זיצן,
און די אויגן מײַנע בליצן
אין דער בלענדעניש
פון גאָלד.
און קרײַזן לויטערקייט
דורך פענצטער,
ווי דאָס ליכט
אַרום דעם נוצרי,
פורפור־שטראַלן אויף מײַן קאָפּ.
און די זון איז אויפגעגאַנגען
אין דעם פּאַלאַץ פון מײַן זעונג.
און דו ביסט אָנגעקומען,
דאָן אַלאָנסאָ,

און ראָדריגאָ דע טריִאַנאָ.
און די זון
האָט אָנגעצונדן
אַלע ביימער פונעם אינדזל:
סאַראַ בשׂמימדיקע פרישקייט,
סאַראַ דוממדיקע רו!

און איצט, ווען העלער טאָג איז,
זאָג מיר, טאָררעס,
דעם באַשייד פון די הינט,
די זיבן לייבן,
ווי די לייבן פון קאַסטיליע...

12
דע־טאָררעס:
דאָס וואָס איך זאָג דיר,
קאָלאָן, מײַן האַר,
קאָן אפשר זאָגן איטלעכער נאַר:
איך ווייס, אַז פון חלום
ווערט אַ מאָל וואָר,
און ס'זענען פון וואָרן
חלומות געוואָרן...

די טאָפּל־געשטאַלטן
די שטולן,
די האַרן,
די הינט
און די לייבן
זענען די שטאַפּלען,
טעג פון דײַן לעבן.
די זיבן שטולן
און די האַרן זיבן —

זענען צוויי מאָל זיבן יאָר,
וואָס זענען דיר פאַרבליבן.
און די זיבן טירן
פון עלפאַנטביין, סאַפירן —
די אַרייַנגענג זענען
צו די זיבן גוטע יאָרן.
און נאָך די לייבן־יאָרן פעטע,
וועלן קומען שפּעטער
דאַרע זיבן כלבים
מיט די בייזע צינגער —
פון אַרומרינגלער
דער גראָבנדיקער צאָרן.

און דער פּאַלאַץ איז —
דאָס שיינקייט פון דייַן חלום;
און זיו־השכינה איז —
דייַן לויטערער געוויסן.
און ס'וועט אויך דער פּאַלאַץ זייַן —
דייַן תּפיסה...

און די הינט
מיט קעפּ פון לייבן —
איז אַ צייכן פון דעם צווייפל
אין דייַן גלויבן
אין קאַסטיליע. — — —

און טאָררעס האָט נאָך געזאָגט
צו קריסטאָוואַל דעם האַר
אַזוי צו זאָגן:
— נישט מייַן ווילן איז געווען דאָס דיר צו זאָגן,
נאָר דער גייַסט פון פאָלק ישׂראל,
ווייַל באַשערט איז דיר צו זייַן דער גואל

פון מיַין פאָלק, וואָס איז אין פּלאָגן.
ווי משה
האָט מיַין פאָלק געפירט פון גושן
אין ארץ כנען,
וועסטו מיַין פאָלק פון פלאַמען
ברענגען אים דורך ימען
אין ג ו ה א נ א ה נ י. — — —

13
און גערופן האָט קאָלומבוס
דעם יונג אַיאַמאַנטע,
ראָדריגאָ דע טריאַנאָ, —
מאַטראָסן פון דער אַלמיראַנטאַ,
תּושבים אַלטע פון דעם אינדזל,
און טאָררעסן געשטעלט
בראש פון די מרגלים. — — —

און געהייסן ברענגען האָט ער
פון זיַין תּיבה אַלערלייעדיקע צירונג:
פּאַטשערקעס און גלעזערנע קאַרעלן,
האַלדזבענדער און רינגען,
אוירינגלעך
און בראַנזאָלעטן.
און אָנגעגורט די עמיסאַרן
מיט שווערד און ביקסן,
און די זיַידענע שטאַנדאַרטן
פון דעם קעניג פון קאַסטיליע
מיטגעגעבן די מרגלים.

און דער גלח האָט געהייליקט
אין וויַטן וועג אַריַין
די גייערס; און צלמים

האָט ער אָנגעהאָנגען
אויף די העלדזער פון די אויסקוקערס
פון לאַנד.
און דער אַלמיראַנט,
מיט שווערד אין האַנט און צלם,
פאַרלירט אַ וואָרט
ווי ים אַ פערל.
ווי דורך זייַדנס
דורכגעזייַטע ווערטער ציילט ער:
— און זען זאָלט איר
די עלטסטע פון די שבטים,
זיי זאָלן וויַזן וווּ דאָס גאָלד איז
אויפן אינדזל,
גאָלד און גינגאָלד
און בריליאַנטן,
העלפאַנטביין און פערל,
איידלשטיין, געווירצן.
און איבערגעבן זאָלט איר אים —
דעם קעניג פון קינסאַי,
דעם האַר פון גאָלדן לאַנד —
ס'בריוועלע פון קעניג
דאָן פערנאַנדאָ און דאָניאַ איזאַבעל.
און זאָגן זאָלט איר אים,
דעם האַר פון האַרן,
אַז עס וואַרטן דאָ די קאַראַבעלן
מיט אַלדי טייַערסטע פרעזענטן
פונעם קעניגלעכן הויף
פון אַלט־קאַסטיליע.

ריִרט זיך, קינדער, ריִרט זיך,
טאָג איז קורץ, און שיפן וואַרטן;
מע דאַרף אָנציִען די זעגלען

אויף די מאַסטן און ווידער
אין די אָפענע מאַרשרוטן!
אויף באַראָט פון ווינט אוןווירבל
צו די לענדער אומבאַקאַנטע —
צו די לענדער פון מײַן גלאָריע! ———

14
לאָזן זיך אַוועק די מרגלים
אין די טיפן פונעם אינדזל,
דורכן פלאָנטער פון געוויקסן,
דורך געדיכטקייטן פון גראָזן
און דורך דערנערדיקע שטעגן,
וווּ עס ווינען צווישן ביימער
אין די טאָלן אָט די אויסטערלישע שבטים
מיט די פעדערן באַפּוצטע,
און מיט גאָלדשטיק אין די נעזער;
חיה־פעלכלעך אויף די לענדן,
און מיט אֵימה אין די אויגן,
און מיט ווּנדער דורכגעזאַפּטע
פאַר די ווײַסע גאָט־מלאָכים,
וואָס געקומען זענען ברענגען
דעם גן־עדן אויף דער ערד. —

גייען מרגלים ווײַט און ווײַטער,
מיט די שווערדן אָנגעגורטע,
שפּיזן, ביקסן און שטאַנדאַרטן;
און מיט טאַשן פולע צירונג, —
און אויף ברוסטן געלע פּאַנצערס
אָנגעצונדענע אין זון.

ווי אין שיידן פאַרבאַהאַלטן,
טראָגן זיי אין טיף פון הערצער

זייער גלויבן אין געקרייצטן.
דורכן צלם, וואָס פֿאַרזייט איז —
אין דער ערד דאָ ערשט־אַנטדעקטער
קריסטוס נאָמען איז פֿאַראייביקט.
און נאָר איינער פֿון די גייערס
טראָגט נישט קריסטוסן אין האַרצן,
אין וועמענס נאָמען ס'ברענען שײַטערס
אין זײַן היימלאַנד אין דער ווײַטער.

שוועבן בילדער פֿאַר די אויגן,
ווי פֿון גיהנום אויסגעשיילטע,
און ס'גייען דורך, ווי אין פּראָצעסיעס,
זײַנע ברידער, די קדושים פֿון כאַען
און באַרצעלאָנע, פֿון סעווויליע
און וואַלענציע. — — —
די שיינע מרים פֿון מאַלאַגע,
און דער רב פֿון פֿאָנטעווערדראַ
פֿאַרברענט פֿון „הייליקער אָפּיסיאָ"
אויף דעם שײַטער פֿון טאָלעדאָ.

אין דער פֿײַער־פּאַנאָראַמע
אויף די הימלען פֿון פֿאַרנאַכטן,
פֿליט דער נביא אליהו
אויף זײַן רײַטוואָגן פֿון פּורפּור;
שיינע מרים פֿון מאַלאַגע
מיט די שטערנדיקע אויגן,
האָר צעלאָזטע אויפֿן שײַטער,
רויטע צעפּ, ווי קופּער־שלאַנגען,
איז צו הימלען אויפֿגעגאַנגען.

און די זון זיך האַלט בײַם זעצן;
שאָטנס לאַנגע פֿון די ביימער,

שמאָלע שאָטן פון די גייערס
ציִען זיך אין לאַנגע רייען.
פייגל פילדערן אויף צווייַגן,
שטילע טייַכלעך ערגעץ רוישן,
ווי פאַרגעסענע זכרונות. — — —

— „מ'וועט אין וואַלד דאָ דאַרפן נאַכטן,
זעט אַ שוץ נאָר ווו געפינען
פון אַ רעגן, וואָס קען קומען, און פון ווינטן,
מ'עט מוזן איינציקווייַז באַוואַכן
די, וואָס שלאָפן, פון אַן אָנפאַל.
זאָג, ראָדריגאָ, צו די גייערס,
אַז מיר וועלן דאָ פאַרבלייַבן
ביז ס'וועט אָנהייבן צו טאָגן!"

און אַ נאַכט איז אָנגעקומען —
חושך־נאַכט פון מיטל־עלטער.
ווי מאַראַנען אין דער פינצטער,
דאַרעביימער דאַוונען מעריב. —
לויס טאָררעס בעט בלחש
ביַי די שטום־פאַרמאַכטע הימלען,
ס'זאָל אויף נייַער ערד באַגליקן
זייַנע ברידער, די פאַריאָגטע,
כאָטש אַ מקלט ווו געפינען.

און פון ים אַ ווייַטער דונער,
און אַ בליץ האָט אויפגעעפנט
אין דער פינצטערניש אַ טירל.
און אַ רעגן האָט געשמיסן,
ווי מיט ריטער, אין די לייַבער
פון די גייערס אין דער פינצטער.

15

דרײַ טעג ווי עס גייען די מרגלים
און זעען קיין ברעג נישט פון גאַנג.
און מידקייט פאַרלעשט דעם פאַרלאַנג
אין ווילדערניש זוכן אַ לאַנד.
און ס'שטאַרבט ווי אַ פיש אויפן זאַמד
דער חלום פון גאָלדענעם לאַנד. —

16

עס וואַרט די פלאָטיליע
בײַם זוניקן באָרטן,
און ס'קוקט אויס די אויגן
קאָלאָן אין די ווײַטן,
פון וואַנען עס קומען
די גאָלד־עמיסאַרן
און ברענגען די גרוסן
פון גליקלעכן לאַנד, —
אַן ענטפער דעם הייליקן
קעניג פערנאַנד.

17

און ס'גייען צוריק די מרגלים
דורך ברייט פונעם אינדזל
און טיפן.
און ס'קומען צוריק די מרגלים
צום באָרטן, וווּ ס'שטייען
די שיפן.
זיי וואַשן די פיס אָפּ
אין אָזיערע פרישער,
און טרייסלען אין ווינטל
דעם שטויב פון די קליידער,
און ס'גייט זיי אַנטקעגן

קאָלאָן און זײַן סוויטע.
דע־טאָררעס גיט איבער
אין האַנט פון קאָלאָנען
ס׳לאַטייַנישע בריוול
פון שפּאַנישן קעניג:

— ער האָט נישט געפונען
דעם קעניג, דעם גרויסן,
דעם „האַר פון די האַרן״,
פון אינדזל סיפּאַנגאָ.
צוועלף מײַל דורכגעגאַנגען
אין לענג פונעם אינדזל —
קיין שפּור נישט געטראָפן
פון „גרויסער אימפּעריע״.
אַ יישוב געפונען
פון פינף צענדליק צעלטן,
ווי סוכּות אין מורסיע
סוף־זומער אויף פעלדער;
כאַטקעס, געפלאָכטן
פון פּאַלמישע בלעטער.
און טויזנט נפשות
אין בײַדלעך אין יענע:
פאַרוואָקסענע מענטשן
מיט לײַבער קאָלירטע,
געפאַרבט און צעשניטן
פון ווינטן פאַרברוינטע
און שטאַלטענע פרויען
מיט ערוות אַנטהוילטע;
בראָנדזענע גופים
און שלאַנקע, ווי שוואַנען;
עלאַסטישע צעדער,
ווי פּאַלמעס צעוואָקסן. — —

ס׳זענען נעכט אויפן אינדזל
לבנהדיק־סומנע;
און אימהדיק־איינזאַם,
ווי קאַלטע מצבות
אויף שטילע בית־עלמינס
פון אַלטן קאַסטיליע...
און ס׳גרילצן די גרילן,
עס זעגן אינסעקטן;
זינגען סענסאָנטעס
און קוואַלעכלעך רוישן,
און ס׳גלימערן ווערעם
ווי וועלפישע אויגן.
קיין גאָלד נישט באַגעגנט
אין די בערג נישט און טײַכן;
די אײַנווינער זאָגן,
אַז גאָלד איז לרוב דאָ,
און אוצרות מיט פערל
אויף אינדזל באָהיאַ.
און אויף אינדזל באַבעקע
דיביימער פון צימרינג,
וואַקסן די פאַלמען.
פאַראַן דאָרטן בשׂמים:
אינגבער און זאַפראַן,
און פעפערלעך רויטע
און שאַרפסטע געווירצן...

18

קאָלאָן האָט די אויגן
ווי אַן אָדלער צעברייטערט
אויף אומענד פון ימען.
און הערט נישט די רייד מער
פון לואיס דע־טאָררעס. — — —

ס'האָבן ימען גערוישט
און געטראָגן קאָלאָנען
אויף פליגלען פון מעוועס,
אין פלי פון פאַלקאָנען.
דער ים האָט קיין ענד נישט
אין בלויע אָין סופן.
און ווידער אַ נאַכט
איז קאָלאָן נישט געשלאָפן.

19

ער זעט, ווי אין חלום דעם שפּאַנישן האַפן.
ער ברענגט צו דעם קעניג געפאַנגענע שקלאַפן,
און גאָלד ברענגט ער, זילבער און פערל, ווי טויען,
ער האָט מורא דעם סוד נאָר דעם גרויסן פאַרטרויען.

דעם שליסל פון לאַנד וויל ער קיינעם נישט געבן,
און אָט איז דע־טאָררעס, אַלאָנסאָ דערנעבן...

און כ ו אַ ן ד ע ל אַ ק אַ ס אַ — ער האַלט גאָר דעם פינדזל!
פאַרצייכנט אויף מאַפּעס דעם וועג צו דעם אינדזל...

ווי קאָן מען דעם מײַסטער קאָלאָנען פאַרראַטן?
עס צאָרנט דער פירער, ער רופט זיי: „פיראַטן".

קראַנק איז קאָלומבוס: ס'פאַרפאָלגט אים אַ מאַניע.
ער חלומט: ער איז דער ווירראַעי איצט פון שפּאַניע. — — —

20

ס'האָבן ווינטן געוואָרפן
די שיף קעגן שטראָמען,
מיט מײַלער צעעפנט;
די שוימיקע תּהומען

געצישט און געצאָרנט,
געפּעסט זיך אין שטורעם.
דעם וועג האָבן נאָדלען געצייכנט צו דרום.

אַ טאָג האָט געשטורעמט
דער ים און געוואָרפן
די שיפן פון דרום
אין אָרעמס פון צפון.
און זון איז פאַרגאַנגען,
דער ים איז אַנטשוויגן,
אין דורכזיכט פון וואַסער
די שיפן זיך וויגן.

ים זינגט אַ וויגליד,
די מאַנשאַפט אַנטדרימלט ;
עס באָדט זיך לבנה
אין ים־בלוי פון הימל.
קאָלאָן אויפן וואַכשטול
מיט אויגן האַלב־אָפן.
די אויגן זיך קלעפן, —
מע טאָר איצט נישט שלאָפן !

...קראַנק און אַ מידער,
קאָפּ פאַלט אַנידער.
אַ שאַרבן — ער פיבערט ;
צוויי אויגן־אָרביטן.
אַן אַלטע איקאָנע.
מע קאָן אין די אויגן נישט קוקן,
זיי מאָנען. — —
— וואָס ווילן די אויגן
פון אַלטן קאָלאָנען ?...
עס שיילט אַ געשטאַלט

פונעם טשערעפּ זיך אויסעט:
אַן אַלטיטשקע נאָנע
אויפן טויטנבעט גוסעט.
„מײַן קינד, וואָס דו וואָגלסט
אין שטורעם פון ימען —
צי קאָן מען פאַרגעסן
אַן אַלטיטשקע מאַמע?"...

...פאַרשווונדן דער שאַרבן,
געשטאַלט ווערט צערונען.
ער עפנט די אויגן:
ים און באַגינען...

און ווער האָט דעם הימל
אַזוי־אָ צעצונדן? —
און ווו איז די מאַנשאַפט?
— ניטאָ זי, פאַרשווונדן!
עס רופן „סכּנה"
די קלינגענדע גלעקער.
די שיף איז פאַרזונקען
בײַם אינדזל באַבעקע.
מאַטראָסן זיך וואַרפן
אין ים ווי אין פײַער.
קאָלאָן איז אין וואַנזין,
הערט נישט אויף שרײַען:
— לאָזט אויס די משׂא,
די שיף ווערט פאַרטרונקען!

...בײַם ברעג די אינדיאַנער,
מיט אויגן ווי פונקען,
זיי לאָזן זיך שווימען
ווי פיש מיט די וועלן.

ס׳באַגעגנט קאָלאָן זיי
מיט מיצלעך און קרעלן...

זיי לאָדן די לאָדונג
פון שיף אין קאַנאָעס. — —
— קאָלאָן האָט פאַרצייכנט
אין טאָגבוך זײַן טעות.

21

זײַן שיף ליגט צעשמעטערט
אין זומפּן פון זאַמדן. — —
— פּינזאָן, דער פאַררעטער,
ווּ וועט ער לאַנדן?
צי וועט ער נישט ברענגען
דעם שליסל פערנאַנדן? —
פון לאַנד זײַנס דערוואָרבן
דורך פּײַן און אין טרויער,
מע וועט אים באַהענגען
מיט קרײַצן און לאָרבן,
און זיגעריש פירן
דורך גאָלדענעם טויער.

עס נענטערט זיך אומגליק
בײַם ברעג פון ניצחון:
איין שיף איז אַנטרונען,
די צווייטע — צעבראָכן.

ברעכט זיך דער מאַסטבוים
פון שיף אין רויִנען.
נאָר ס׳גייט אויף דער טרוים
פון אַ נײַעם באַגינען.

באַגינען — אין ווונדער
פון מושלען און גראָזן;
באַגינען — אין צונטער,
פיאָלעט און אין ראָזן;

באַגינען אויף בלעטער
פון טראָפּישע פלאַנצן...
און ס'נעמען זיך שאָטנס
מיט שטראַלן צו טאַנצן.

און ס'שפּילן די ווינטן
ליטורגיע־געזאַנגען.
ס'איז קריסטוסעס פּנים
אין זון אויפגעגאַנגען. ———

22

ווי שיף אויפן וואַסער,
וויגט זיך אויף וואָגשאָל,
קאָלאָן, דײַן נסיעה...

מיד און פאַרוואַקסן,
מיט טונקעלער ראיה,
סקעלעטיש, אַ בלאַסער,
רעדט צו קאָלאָנען דע־טאָררעס:

— קלאָר איז,
מאַעסטראָ, דער וועג פון באַצווינגער.
און גראָד איז אַצינדער
דער ציל בײַ דעם ברעג שוין;

כ'האָב שוין
גערעכנט, געציילט אויף די פינגער,

געזען די חלומות,
וואָס טוען זיך אָנעט
אין הײַטלעך פון וואָרן.

איך וואָרן, —
כ׳קאָן נישט פאַרגעסן
די שווערע מעת־לעתן
פון דולדיקן וואַרטן,
דו ווייסט עס!
אַ טרייסט איז,
צום לאַנד דעם געגאַרטן,
צו גאָלדענע ברעגעס,
געבליבן נאָר רגעס?

און שפּעטער?...
וועג פון באַצווינגער
איז וועג פון פאַררעטער! —
פינזאָן האָט פאַרראַטן קאָלאָנען, —
און ווער וועט פאַרראַטן
פינזאָנען?

דו קענסט אים?
לעבנס־געבאָט.
פון גרעסטן ביז קלענסטן —
אַ טראָט.
פון גרויסקייט — ביז שפּאָט!
פאַרקנעכטער פון נעכטן —
קנעכט און פאַרקנעכטעטער הײַנט;
זונשײַן און שקיעה;
תּליון — און תּליה.
און לאַכן — לאַכט לעצטער...

ווי דורך פענצטער אַ ליכט, וואָס דערוואַכט
פון אַ דעמערשן צימער,
גייט אויף אַ שימער,
ווי שײַן פון אָרעאָלן:
צוויי ליכטיקע שטראַלן —
קאָלומבוסעס אַפּלען
זיך צאַפּלען,
ווי טויבן אין נעסטן:

— ווער האָט מעסטן
דיר, טאָררעס, געהייסן,
ברייטן און גרייסן,
וואָס גרויס און וואָס קליינלעך?
דער וועג פונעם גרעסטן
ביז קלענסטן — איז ענלעך;
קורץ איז דער וועג און געוויינלעך
פון לײַכטסטן — ביז האַרבסטן.

באַלד זעקס צענדליק האַרבסטן,
ווי ס׳קאַטעווען ווינטן
און שמײַסן אין רוקן.
און ס׳קומען פון הינטן
די יאָרן, וואָס ווילן פאַרצוקן
דאָס פּיצעלע ווען, וואָס איז נאָך פאַרבאָרגן
אין שאָלעכץ פון מאָרגן, —
דער טאָג פון ניצחון,
וואָס האַלט זיך אין שיילן...
באַלד זעקס צענדליק האַרבסטן!
ווילסט מיר דערציילן
אין טאָג מײַנעם, שווערסטן,
אין טאָג פון נסיון,

בזיון,
ירגזון, —
ווען ס'האָבן מיך אַלע פאַרלאָזן,
ווען שיף פון מײַן האָפענונג —
די איינציקע שיף פון קאָלאָנען —
גייט אונטער.

דערציילסט פון פינזאָנען? —
און ווער האָט געמונטערט,
ווען שיף איז צום אָפגרונט געגאַנגען?
ווער איז געגאַנגען
און ווער איז געקומען מיך רעטן?
טאָ ווער האָט געבעטן
דיך מאָלן אין רונדיקע ווערטער,
דער שולדיקער ווער איז?
און ווער — דער גערעכטער?
„אין הויז פון געהאָנגענע
ברענגט מען קיין שטריק נישט"...
פאַרגאַנגענהייט —
קומט שוין צוריק נישט;
דער וועג איז פאָרויס
נאָר געצייכנט,
דע־טאָררעס!
קלאָר איז
דער וועג פון באַצווינגער און זיכער,
אומקלאָר דער וועג פונעם זוכער
און פינדער.
פאַרנעם מײַנע ווערטער אַצינדערט,
וואָס גיסן מיט רעספּקייט זיך אָן,
ווי מיט קאַרשן:
איך גאַר שוין,
דע־טאָררעס,

צו ברענגען אַהיים מײַנע ביינער
(אָ, שוואַכער בן־אדם!).
און דו ביסט דער איינער,
וואָס קען נאָך דעם פאָדעם
פון חלום דערשפּינען.
נעם פון דער שיף די רויִנען,
און בוי אויס אַ פעסטונג אין האַפן:
דאָ וועט אַ וועלט זיך אַ נײַע באַשאַפן! ———

24

פאַר־אַ־שטורעם־שטילקייט יערט,
און וואַקסט, און וואַקסט.
קאָלומבוס־קאָפּ גייט־אום באַשווערט,
ווי אַרום אַן אַקס.
הימל דרייט זיך אום און דרייט:
אַ פילקאָליריק שווינדלאויג.
האָריזאָנט — פון ווײַטן גייט,
ווישט דעם הימלבויג.

נאָר דער ים אין־סופיק גרויס איז,
אויף זײַן רוקן וואַקסן בערג אויס.
בערג אין טאָלן — פאַלן. אותיות
צייכנט ווער פון שויס אויס.
אותיות קרומע: אומפאַרשטענדלעך;
רגע־אותיות — און פאַרגייען.
ווידער איז דער ים אומענדלעך.
אויפן הימל כוואַליעס גייען,
גייען כוואַליעס — בערג און היגלען:
צווישן בערג אַ בלויער טאָל איז.
און דער ים איז לויטער שפּיגלען,
און די וועלן ווי גאָנדאָלעס,
פליעסקען זיך אין פעלדזן־לעכער,

און אַ בוים פון אָפּגרונט־טיפן
וואַקסט אין ווײַטן הויך און העכער:
ס'איז אַ מאַסטבוים, ס'קומט אַ שיף אָן.

אַ כימערע: בלוי און בלויער. — „וואָר איז?" —
האַסטיק שווימען אָן געדאַנקען: —
— „ס'קומט אַ שיף? פון וואַנען, טאָררעס?" —
און ס'האָט די שיף בײַם ברעג געאַנקערט.

25

אין בוכטע פון אינדזל באַבעקע —
לאַ פּינטאַ.
חרוב פון ימיקער שטרעקע,
זעגלען צעריסן פון ווינטן.
צווישןביימער,
בײַ אינדזלשע ברעגן
אַ שומר
פון פרעמדן פאַרמעגן;
קאַלאָן —
און אַלאָנסאָ פּינזאָן.

קאַלאָן:
ניט פאַרלירן
קיין רגע!
די שיפן — רעפּאַרירן!
און צוריק צו די ברעגן
פון פּאַלאָס!
פּינזאָן: — „אַלעס?"
קאַלאָן: — „אַלץ!" — — —

26

...ס'שמעקט מיט זאַלץ
און מיט סאַליטרע.
און דער ים, ווי אויף אַ ציטרע
שפּילט און שפּילט.
הילט
אין זײַדענע טיולן
דעם ברעג.
און די זון
צייכנט גאָלדענע נולן
אויף בערג.

27

בײַם זוים פון הימלבלוי,
האָט זיך רויט אַזוי
און פּיִאָלעט
געוועבט אַ פּלעד*
אויף דעק פון אָקעאַן.
און אויפן הימלראַנד,
אין מערב־זײַט,
האָט פון רויטן ווונדערזײַד
געטריקנט זיך — אַ פאָן.
ס'האָט שיף אַ שנײַד געטאָן
דעם גאָלדענעם געוועב
פון פּורפּורדיקן פּלעד
און אַ רוק געטאָן אַראָפּ
דעם זוניקן קאָפּ
פון הימלראַנד —
אין טיף פון אָקעאַן.
די שיף פון אַלמיראַנט.

---

* אַ פּלעד — אַ מאַנטל.

28

פאַר טאָג.

האַרץ שלאָגט
ווי ים אין די ברעגעס.
אויף טויזנטער וועגן
רעיונות — צעפלאָסן,
און קומען צו ברעג נישט.
טויזנט פאַרוואָסן —
און פרעג נישט!
און טאָמער
איז דאָ — איז ער ליגן.
געשטיגן,
אַ בלינדער אויף שטיגן;
געטריבן, ווי וועלן אויף וועלן;
ווי וואַסער אין אַ כלי — איז עלנט אַ מענטש.

...און קאָלאָן אויף שיף־פּאָרענטש,
קאָפּ אויף הענט,
קוקט אין וואַסער־טראַנספּאַרענט.

29

„ביַי די וועגן
טורעמס שטייען,
און פון ברעגן
שטורעמס גייען, —
שטורעמס קומען אויך אַהער. —

אָ, מיַין מיידל, ברוינע מיידל,
אויגן — רויטע פון באַגער!"

מיטן בלוט פונעם אויפגאַנג
איז ים אָנגעגאָסן —

און ס׳גיסט זיך געזאַנג
פון מאַטראָסן:
„ווער וועט מיר אַ העמדל נייען
און מיט מיר אין קלויסטער גיין?
מײַן מיידל,
מײַן מיידל!
קלינגען די גלעקער,
קלינגען, קלינגען!
מאַמע וועט ברענגען זילבערנע רינגען.
מיט וועמען וועל איך
צו דער חופה גיין?
אָ, מײַן כּלה,
ברוינע כּלה!
שוואַרצע צעפּ און רויטע קרעלן,
אויגן — רויזן פון באַגער״.

שווימען שיפן, קאַראַבעלן,
שיפן גייען צו די ברעגן
פון פּאַלאָס דע מאַגער.

30

די זון איז פאַרגאַנגען אין בלוטרויט;
דער אָוונט פאַרוויקלט אין בלוי זיך;
מיט פינקלענדן גינגאָלד באַצירט,
שווימט די לבנה אַזוי זיך.
און ס׳מורמלען די כוואַליעס און מרוטשען,
בלויקייט זיך פליעסקעט אויף טרעפּ;
אָוונט — דער תּליון — פאַרמוטשעט
פון וואָלקנס די פּורפּורנע קעפּ.

נישט קעפּ — נאָר צעהאָנגענע גופן;
באָמבלען די פיס זיך אין רוים! — —
קאָלאָן האָט אין שטילקייט גערופן

דעם אָנהייב פון גאָלדענעם טרוים.
זײַן טרוים איז געהאָנגען אין כמאַרעס,
אויף נאַכטיקן הימלשן ים...
אומענדלעך דער ים, ווי זײַן צער, איז,
ער גיפטיקט דאָס האַרץ אים און סמט.

31

ס'רעדט איצט קאָלומבוס
מיט נאַכטיקע הימלען,
זוכט אין די שווימענדע גראָזן
דעם סוד פון געוויטער.
הערט און באַוווּנדערט
די אֶימהקע לידער,
וואָס זינגען די וועלן
אין אַלערליי שטימען... —

און ס'קומען
אויף כמאַריקע שיפלעך צו שווימען
פאַנטאַסטישע גרופּן:
וואָלקנפיש מיט זילבערנע שופּן,
וואָלקנקעפּ — געשטאַלטן באַקאַנטע:
פּעטראַרקאַ און דאַנטע.
קאָפּ פון פּעטראַרקאַ — אין קרעפּ,
קאָפּ פון דאַנטע — אין קרענץ.
אויף מירמלנע טרעפּ —
טאָסקאַנעלי פון פלאָרענץ,
מיט מאַפּע און קאָמפּאַס אין האַנט,
ווײַזט אויף הימלשן ראַנד
דעם סוף פון אַטלאַנדיטע...

די מאַנשאַפט אַ מידע
שלאָפט. האַלבע נאַכט.

צווישן וואָלקנס גייט אַרום
אַ ליכטיקע לבנה.

אין אַ זילבערנער ריזע
קומט די נאָנע
העלויִז:
אויגן — בלומען צוויי רויטע.
(די ליבע שטאַרקער פון טויט איז).
דורך פינצטערע גראַטעס
פון נאַכט,
שאַרט זיך אין שמאַטעס
מאָנאַך
אַבעלאַרדאָ.
(די שטראָף איז אַ האַרבע!)

32

...און ווידער דער ים האָט געזונגען
מיט זילבערנע האַרפן געקלונגען,
געצישעט
געקלימפערט,
גערימפּלט,
ווי טויזנט גיטאַרעס
אין ווינט. —
און ס׳האָבן גענומען
אין וויכער זיך טראָגן
די כמאַרעס,
און גיכער
זיך יאָגן
און קלאָגן
ווי קלאָגמוטערס אַלטע
אויף קברים:
— אַ שטורעם!

אַ שטורעם!
פון צפון,
פון צפון,
פון צפון־זײַט קומט.
ברומט,
ברומט
דער ווינט,
וואָיעט,
בילט,
ווי טויזנטער הינט
וואָלטן וואָיען
אַ פינצטער געביל אין דער נאַכט.
ווײנט דער ווינט
און יאָגט
יאָגט
יאָגט.
ברילט דער ווינט
און קלאָגט,
קלאָגט,
קלאָגט.

33
עס האַלדזן זיך פּערל מיט וועלן,
די וועלן זיך קושן מיט שוים.
עס טוען די וועלן זיך שלאָגן מיט שוועלן,
מיט שוועלן פון ימיקן תּהום.

אין שטורמישן שאַלן,
אין רויט פון די וועלן,
אַליין אין דער ווײַטקייט
פון ווינטיקער נאַכט, —
קאָלאָן האָט געמאָלן

זיך ווונדער־געמעלן
און האָט וועגן גורל
פון מענטשן געטראַכט:

„וועלן צעדרילן,
צעשלאָגן אַ שטיין:
ווינטיקע וועלן פון ברויזיקן ים.
אַזוי איז דער טרוים פונעם גאון אַליין:
וועלן אָן ווילן —
טויטלעכער סם"...

34
זון האָט ווי אַ שפּיז,
אַדורכגעשטאָכן האָריזאָנט.
קאָלאָן האָט זיך דערמאָנט
אָן העלויִז.
און די שטראַלנדיקע אויגן פון דער נאָנע,
ווי די אויגן פון דער הייליקער מאַדאָנע,
האָבן בלאָ געשפּיגלט זיך אין זון
און אויף ימען־אייבערפלאַך...
ס'האָט קאָלאָן צו זיך געלאַכט
אומגעפּער אַזוי:
„וואָס איז ליבע פון אַ פרוי? —
מעג זײַן די ליבע פון דער נאָנע העלויִז,
ווען ניט דער ווילן־ריס,
(מעג ליבע זײַן — די ליבע פון אַ נאַר),
וואָלט אַפילו העלויִז
נישט אויפגעמאַכט די טיר צו אַבעלאַר"...

35
מאַרטין פּינזאָן
האָט מאָדנע־שטאַר

געקוקט צום האָריזאָנט
פון וואַנען שטורעם קומט,
און האָט געברומט:
— מאַעסטראָ, זעסט
די כמאַרע, וואָס קומט אָן
פון צפון־זײַט?
ווי עמעץ רײַט
אויף מגושמדיקן ווינזלטיר,
און די גאַנצע מחנה וואָלקנס דאָרט,
ווי ווילדע לייבן אָן אַ שיעור,
וואָלטן לויפן דאָ אַהער
צו פאַרשלינגען אונדזער קאַראַבעל
בײַ סאַמע שוועל
פון מוטער ערד. — —

קאָלאָן:
דײַן וואָרט באַשווערט
מיר מײַן געמיט.
מאַרטין,
גיי־מיט,
ווהין
עס ציט דער שטורעמווינט,
און פאַל נישט אונטער לאַסט.
ווילן איז דער מאַסט,
וואָס טראָגט די פאָן:
ער קרעכצט
און ברעכט זיך נישט
אין ווילדעסטן ציקלאָן.

כ׳האָב אין לבנה־ליכט
געזען בײַ נאַכט דאָס לויטערע געזיכט
פון דער נאָנע העלויז:

איר פּנים אין אַ ריזע,
און אין שמאַטעס — אַבעלאַר;
ע ר — געלײַטערט אין זײַן צער,
און ז י — אין ווילנספּײַן —
אַזאַ שטראַליקע לבנה־שײַן...

וואָס וועט זײַן, וועט זײַן!
און טאָררעס איז גערעכט:
ניש ט א י ך, נישט ד ו —
נאָר אייביק איז די צײַט!
און דער, וואָס אויף די וואָלקן־האָרבן
רײַט,
וועט זײַן דער ערשטער קרבן
פון דער שטורעמדיקער וואָר...

זע, דער ווינט — ער רײַסט די האָר
פון וואָרצלדיקן דעמב,
און ס'בלײַבט דער בוים אַ נאַקעטער,
ווי איינער אָן אַ העמד.
ווינט פאַרטראָגט ווי רויך
דעם טרוים
פון אָפּגעהוילטן בוים
און זוניק־בלויער הויך,
אין אומבאַוווּסטער פרעמד, —
נאָר לעבן וועט דער דעמב
אין וואָרצלדיקער טיף.
אונדזער שיף
וועט אונטערגיין,
נאָר בלײַבן וועט
דאָס נײַ אַנטדעקטע לאַנד. — —

...ים האָט צערעדט זיך
אויף ווינטיקער שפּראַך:

אין קברים צעגראָבן
די ים־אייבערפלאַך. — — —

36

אויף משופּעדיקע בערג
איז די שיף פון קאָלאָנען געשטיגן;
אויף טורעמס פון שטורעם געקלעטערט. —
געווען איז די שיף ווי אַ חיה
מיט גליטשיקע לאַפּעס,
וואָס גליטשט זיך אַראָפּ
פון פאַרפרוירענעם באַרגשפּיץ
אין אָפּגרונט אין טיפן
אָן שפּורן.

עס זענען אין אָפּגרונט
די הימלען געלעגן
צעדרוזגעט,
ווי טונקעלע פלעשער
פון שוימיקע וויַינען,
וואָס האָבן געיוירן,
געפינעט,
געמישט זיך מיט טינט
פונעם ים־וויַין,
דעם טונקעלן־ברוינעם.
און לאַנג איז די שיף
אינעם אָפּגרונט געלעגן,
און מע האָט נישט געזען מער
דאָס כוואַליקע יאָגן...

קאָלאָן האָט געהערט נאָר
דאָס אֵימהקע קלאָגן,
וואָס האָט זיך געריסן

פון שטורמיקער טיף —
פון אַלטן־צעריסן־
צעפלאַטערטן האַרץ.
ער האָט הייס און ציטערדיק,
מיט גאַנצן אינגעווייד געוויינט,
געבעטן קריסטוסן, זײַן גאָט,
ער זאָל אין פרידן ברענגען אים
אַבי נאָר צו אַ ברעג.
ע ר  האָט  א י ם  דאָך אויסדערוויילט
צו זײַן אַ שליח פון אַ וועלט!
ווּ ער וועט דעם נאָמען
פון געקרייציקטן באַוווסט מאַכן
און הייליקן אין אייביקייט. — אָמן. — — —

נאָר וואָס זאָל נישט פּאַסירן
מיט אַ מענטש — ער איז דאָך אין רשות
פון גאָט, זײַן האַר. אויף שטורעמדיקן ים
האָט ער פאַרצייכנט, ווי עס זאָל נישט זײַן,
אויף פאַרמעטן זײַן וועג,
דורך אומגליקן און לייד — דעם נײַעם וועג. — — —

37

קאָלאָן האָט לדורות פאַרצייכנט
אויף מאַפּעס פון פאַרמעט
זײַן גרויסע נסיעה,
איר אָנהייב און ענדע.
אויב ים וועט פאַרשלינגען
דעם גוף פון קאָלאָנען,
זאָל בלײַבן זײַן וועגדונג,
זאָל בלײַבן זײַן נאָמען —
ל ע ג ע נ ד ע.

שווימט נאָך עד היום
זײַן נאָמען אויף ימען,
אין פּימסענע פעסער
פֿאַרזיגלט מיט סמאָלע...
קאָלומבוסעס נאָמען צוזאַמען
מיט בלוטיקער קללה
פון ערשטע אינדיאַנער,
וואָס האָבן פֿאַרשאָלטן
דעם פּלוס אַקעאַנער,
וואָס איז זיך
פֿאַמעלעך געפלאָסן
ביַי אינדזלשע ברעגן
דורות און יאָרן —
ביז ס׳זענען געקומען
די קאָנקיסטאַדאָרן. — — —

38

אין גליווערדיקער ווילדעניש
פון האַרטן קיזלשטיין,
צעוואַקסט זיך ווילדהאַס
אין אַ שפּיציק שאַרפן שטיין.
גלימערדיקער דעמער,
גרימענדיקער וויי.
געבונדענע לעמער —
געשריי.

39

רישעות, גזלה און מאָרד:
איבער זיי איז גאָטס וואָרט,
ווי אַ בייַטש, איבער אָרעמע רוקנס,
וואָס דורך קלעפּ וויל זי רישעות פֿאַרצוקן.

— רישעות — אַ קייט איז, וואָס בינדט
דעם חכם, דעם קלוגסטן און גרעסטן.
און פאַר דעם שענסטן און בעסטן —
אַ שטריק איז די זודיקע זינד.
נישט ער ברוך־הוא איז דער שאַפער:
פון ג אָ ר נ י ש ט באַשאַפט ע ר אַ וועלט.
אויך מענטש קען אין זוניקן אַוויר
פון גאָרנישט באַשאַפן — אַ וועלט.
און ווי איז דעם רשע־באַצווינגער,
וואָס וויל נאָר דורך רישעות אַליין
דעם ברודער אין שוואַכקייט באַזיגן,
דעם ברודער, וואָס גייט אויס אין געוויין.

40

אויפן האַפן־אינדזל נ אַ ו ו י ד אַ ד,
אין שטילקייט אַ פּאַרלאָשענער
אין מינחה־שעה,
איז דע־טאָררעס
טיף אין דעמערבלאָ געזעסן
בײַם טײַך
פון „פּליסנדיקן גאָלד".
ער האָט פאַטערלעך באַטראַכט
די אויגן זײַנע שאַפענע,
וואָס האָבן מילד אַרויסגעבליקט
צו אים פון וואַסערלויף,
ווי דימענטענע שטערן צוויי
צעלויכטענע
פון נאָך נישט קומענדיקער נאַכט...

ווי אַ שאָף אַליין אין פעלד,
איז אויפגעגאַנגען נע־ונד

געדאַנק זײַנער פֿאַרבלאָנדזשעטער
אונטער רחמימדיקע הימלען
פֿון זײַן בלוטיק־ווײַטער היים.
און ווען די זון האָט זיך געזעצט,
האָט צונטער־רויט
צעצונדן זיך זײַן באָרד,
ווי קופּער, ווען מע שמעלצט.
ס'האָט טאָררעס אויסגעזען
אַ מדבר־מענטש
אין ברענענדיקן דורשט,
וואָס זוכט אַ קוואַל
צו אָנטרינקען זײַן לעכצנדיקן גוף.
און ווי אַ שוואָם,
וואָס נעמט אַרײַן אַ כוואַליעכל
אַרויסצוגעבן צוריק אין נייטיקער מינוט,
האָט דע־טאָררעס אײַנגעזאַפּט
דאָס בילד פֿון אָנקומען פֿון נאַכט.
און ווען ער האָט דאָס פּנים אומגעקערט
אין נעפּל־זײַט פֿון האָריזאָנט,
האָט מיסטעריעז און געל
געבליקט צו אים דאָס אויג
פֿון באַרגיקער לבנה —
רישעותדיק און בייז.

ער האָט אין אָוונטווײַט באַשײַמפּערלעך געזען
אויף שטורעם־ים קאָלומבוסן, זײַן האַר,
בײַם רודער־ראָד,
און בולט אויך געהערט
זײַן טיף־שלוכצנדיק געוויין.
ס'האָט זילבערפֿלוס פֿון גאָלדנטײַך
געפֿליעסקעט זיך אין אײַנגעזעסן בעט,
געפּליסטערט און געוויספּערט זיך,

ביזן ערשטן זונאויפשפראָץ
פון פײַערדיקן טאָג.

כּאור הבוקר אין די בערג.
וויסטער ווינט איז אָנגעקומען מיט באַגינען־ליכט :
צעבויטעט און צערוישט
די זילבער־פלאַפּלענדיקע רויִקייט
פון גאָלדנטײַך.
און ס׳האָט אַ ווילדע טופּעריי
פון טראַמפּלענדיקע פיס
בײַ ראַנדן פון דער נאַכט
זיך אָפּגעשלאָגן קוילערדיק
אין דע־טאָררעס׳
נאַכטיקן קאָשמאַרן־שלאָף.

עס זענען, ווי בופלאָקסן
פונעם אורוואַלד יאָגנדע,
געלאָפן אינדיאַנער ווילד־צעלאָזענע ;
ווי בוימל אויפגעקאָכטער האַס,
האָט הייס געברענט
אין ווײַסלען בלינצלענדע
פון די שפּאַרבער־אויגן
בלוטנדיק אין זון.
און דורכן צווישנליכט
פוןביימער תּפילהקע אין ווינט,
האָבן שוואַרץ־געדיכטע קנוילן רויך
געקנוילט זיך נאָך
צו הימלען גלײַיקע
אין פרימאָרגן־גאָלד.
און ס׳האָבן לעצטע הלאָוויניעס
פון די צעלטן חרובע
פון ערשטע זיגער און באַזיגטע

אויף נײַעם קאָנטינענט —
אין מאָרגנזון דערברענט.

...און ס׳איז דער רויך
פון ערשטער שׂריפה בלוטיקער
אויף נײַער, הייסער ערד,
ווי דער קטורת הייליקער
פון ערשטן קיזן־מאָרד —
צו הימלען נישט דערגאַנגען. — — —

41

און טאָררעס האָט תּפילה געטאָן
צו גאָט, דעם פעלדז פון זײַנע אָבות
וואָס ער האָט אים דורך מידבריות
און דורך ימען דורכגעפירט
צום אויסדערוויילטן לאַנד.
און געדאַנקט האָט ער דעם האַר
פון אַלע וועלטן, דעם גואל פון זײַן לײַב,
פאַרן חסד, וואָס ער האָט געטאָן מיט אים —
זײַן קנעכט — און געלאָזט אים
אין זײַן וווּנדיק האַרץ אַ שטראַל
פון האָפענונג געפינען
פאַרן נעפלדיקן מאָרגן פון זײַן פאָלק. — — —

42

...און פון צווישן בערג אַרויסגעקוילערט,
ווי פון דורות היילן,
שוואַרצן קנוילנדיקן עבר,
אין ווײַטער ווײַט פון צוקונפטטאָג, —
האָט דונערדיק געהילכט אַ שטים
אין שטורעם־שעה
פון אויסטערלישן זונאויפגאַנג,

ווי דאָס קול פון גאָט
אין מידבר פון זײַן פאָלק:

„...און זײַן וועט איר אָט דאָ
אין יעדן ווינקל
פון דער בלוטנדיקער ערד,
ווי שטערן,
און ווי זאַמד בײַם ברעג פון מער*
זיך מערן
און זיך אויסשפּרייטן
אויף נײַעם קאָנטינענט.״

און גערופן האָט די שטים
צו טאָררעסן —
דעם וואָגלזון
פון אומגליקלעכן פאָלק —
אַזוי צו זאָגן:
„...די סאַנדאַלן פון די פיס
טו אויס,
און וואַש זיך זיבן מאָל אין טײַך:
וואָרן הייליק איז דער שטיין
אַוו דו זיצסט,
ווי הייליק ס'איז דאָס אָרט,
וווּ מענטשלעך בלוט
האָט מוטערערד באַשפּריצט.

בוי אויס אין מידבר אַ געצעלט,
און זײַ דער ערשטער אײַנוווינער,
ערשטער וואַנדערער
פון אַלטן וואַנדערפאָלק

* מער — „ים״ — אין אַלט יידיש.

אויף נײַער וועלט ;
און עס דאָס ברויט פון פּײַן,
און לעב אין אייגן בלוט,
אין לײַטערניש פון צער,
ביזן אויסלאָז פון די טעג." — —

# דריטער טייל

... כי לי איים יקוו
ואניות תרשיש בראשונה
להביא בניך מרחוק כספם
וזהבם אתם...
(ישעיה, ס"ט)

## נסיון פון טריִומף

**1**

אויף בלויע ליסאַבאָנער וואַסערן —
אַ נאַכט אַ קילע.
סוף־נאַכט אַפּרילער.
צעשטרייפטע הימלפּאַסן —
בלוי און רויט.

מיט שטילן פלוט,
שווימען שטיקער בלוט
פון זיך שנייַדנדיקער זון פון ליסאַבאָן.
צו ערשט האָט אויסגעזען — אַ צאָן
האָט זיך געשניטן שאַרף
אין אויפגעמאַכטן מויל פון נאַכט,
דערנאָך האָט זיך דאָס מויל פאַרמאַכט.

קאָלאָן האָט אויפגעדעקט אַן אויג,
באַטראַכט אויף הימלבויג
די ברענענדיקע רייף,
וואָס האָט געקייַקלט זיך אַרויף:
אַ טאָג גייט אויף
אויף אַלטן קאָנטינענט.

און ווי ער וואָלט אין אַלטער וועלט
אויך נייַע שיינקייטן דערקענט, —
גערעדט האָט ער צו זיך אַזוי צו זאָגן:
„אָ, זע ווי אַלטע שטאָט צעהעלט

אין שייַן פון ווונדערלעכן טאָגן,
אין נס פון אייביק־יונגן צייַטגאַנג!"

נאָר דאָרט אַריבער ימען־וויַיט,
ביַי ברעגן פון דער נאַכט,
שענער איז דער זונאויפגאַנג
פון נייַער צייַט,
וואָס ער האָט אים פאַר גאָרער וועלט געבראַכט.
און ווי איינער זעט אין פינצטערניש אַ ליכט,
דערזען האָט ער אין נעפלשיכט
פון אָקעאַן
זייַן ערשט־אַנטדעקטע לאַנד
אין אָרעמס בלוטיקע פון זון.

2
די זון ביַים זעצן זיך
האָט מאָדנע־רויט געפאַרבט דעם האָריזאָנט,
און ס'האָט געזען זיך נאָנט
אַ שוואַרצער פלעק,
וואָס גייט אַוועק אין נאַכט אַריַין.
בלויער אָוונטשייַן
האָט קווער געשניטן רויטן הימלברעג.
דער שוואַרצער פלעק,
ווי אַן אָפּגעריסן שטיק געוואַנט,
איז צוגעשווּמען צו דער שיף פון אַלמיראַנט:
היימיש לאַנד.

3
ביַי די פיס פון די פעלדזן פון ימיקן ראַנד,
דרעמלט אין שפּאַניע — איין קלויסטער־געשריי.
אין טונקעלע טולן זיך טוליעט דאָס לאַנד,
ערגעצווּ ברענט נאָך דער אויטאָדאַפיי.

מאָנאַסטיר ד ע ל אַ ר אַ ו ו י ד אַ שוּוער זיך פֿאַרמאַכט,
די שטייניקע ווענט — גרוי און צעפּאָקט.
רופֿן די גלאָקן: — „געבעט פֿון פֿאַרנאַכט".
און גייער אַ פֿרעמדער אין טויערן שלאָגט.

4

פּאַראָווּנטיק שטיל איז די לופֿט איצט,
ווי תּפֿילה אין קלויסטערשע ווענט.
אָט הערט ער, קאַלאָן, ווי מע רופֿט אים,
און ער האָט דאָס קול נישט דערקענט.

— „זון מײַנער!" — וויינט ער און צערטלט
ס'געזיכט פֿון ד י ע ג אָ זײַן קינד. —
אוי, ווי זײַן האַרץ איז צעפֿערטלט —
צעריסענער זעגל אין ווינט.

און ס'טריפֿן ווי ליכט בײַ אַלטאַרן
טרערן פֿון פֿרייד און פֿון ווונדער,
אַלטע מאָנאַכן זיך שלײַכן און שטאַרן.
נאָר פֿ ר אַ י ד ע מ אַ ר ט ש ע נ אַ באַזונדער,
אין ווינקל בײַ בלייכער איקאָנע;
און פֿונקט ווי פֿראַנציסק פֿון אַסיזי
רעדט ער צום ווינט און לבֿנה.
און ס'שײַנט אויף אַ ליכטיקע וויזיע:
אַ שעפֿעלע איינזאַם אין וויסטע, —
נישט קיין שעפֿעלע איז עס,
ס'איז קריסטוס.

קאַלאָן האָט גענענט צו דעם פֿ ר אַ י ל ע,
אין נאָמען פֿון יעזוס ער גריסט אים,
שטיל איז אין קלויסטער אַ ווײַלע,
נאָר עכאָ פֿון תּפֿילה נאָך פֿליסטערט.

געטלעכער שאָטן ווי רויך איז
צעגאַנגען אין קלויסטערשע ווינקלען.
נאָר בלוי אין דער הויך איז
געשטאַלט פון דער יונגפרוי צעפינקלט.

און אָט איז פאַרפולט שוין גאָטס היכל
מיט גײַסטער מיט בייזע פון ימען...
(ווען ימיקע כוואַליעס באַלד גרייכן
גאָט און זײַן הייליקער מאַמען).

און פראַי דע מאַרטשענאַ הערט בולט
געשריי פון צעכוואַליעטן ווינט. —
דורך פענצטער דער ליכטיקער מולד
זילבערנע פעדעמלעך שפינט.

5
אומעט־געשריי האָט פאַראַנקערט
דאָס האַרץ פון קאָלאָנען.
דערמאָנונג —
אַן אַלטע היענע —
פרעסט אויף די אויגן פון נעכטן,
און ס׳גייט אויף דער הײַנט —
אַ האַלבע לבנה
אין שימער אין קאַלטן פון טאָגן.

קאָלאָנען דערוואַרט איצט
אין שטאָט באַרסעלאָנע
די סוויטע פון קעניג אין מירמלנעם פאַלאַץ.

און אָט —
פירט מען אים דורך דער שטאָט,
מע טראָגט אים אין גאָלדענעם קרוינשטול ;

זײַן קאָפּ וועט מען זאַלבן,
און קרוינען פֿאַר שני־למלך פֿון שפּאַניע.

מעשׂר פֿון גאָלד און פֿון זילבער,
פֿון שטיינער און פֿון פּערל
צו אים וועט געהערן,
צו קינדס־קינדער זײַנע,
זײַן מי און די פּײַנען,
זײַן דויער פֿון פֿעלדזן,
די פּלאָגן פֿון יאָרן,
דער צער פֿון וואַרטן
און הייליקער גלויבן
אין גנאָד פֿון דערלייזער
וועט הײַנט שוין געקרוינט זײַן
מיט קרוין פֿון נצחון.

נאָר פּונקט ווי אַ פֿעלדז אײַנגעבראָכן
זײַן האַרץ איז פֿאַר גרויסן נסיון
פֿון גליקלעכער רגע.

6

פֿאַר וואָס קומט ער, דער שׂטן,
צום מענטש אין זײַן וווילטאָג,
מיט גאַליקן טראָפּן פֿאַרסמען
דעם כּוס פֿון נעקטאַרן?
זײַן זוניקן שמייכל צעקרימען
אין צוקן פֿון אַקסל?
די זאַפּטיקע פֿריידן פֿאַרוואַנדלען
אין טרערן פֿון ווייטיק?

פֿאַר וואָס קומט ער, לוציפֿער,
פֿאַרשיטן די קוואַלן,

וואָס שלאָגן פון טיפן
בײַ מענטש אין דערהויבונג?

ער פירט אים אויף רויוועג,
אויף שוועלן פון אומקום,
ווײַזט אים די ראַנדן
פון פינצטערן אָפּגרונט,
און הייסט אים דערבליקן
מיט אייגענע אויגן
דעם שוידער פון טויט.

7
מחוץ לעיר,
בײַם טויער פון טריִומף,
האָט קאָלאָן בדמיון שוין געזען
דעם הבלדיקן גאַנג זײַנעם
אין קעניגלעכן הויף.

און ס'רײַסן אַרויס זיך די גלעקער
די צונגען פאַר פרייד: —
המונים — מע גייט און מע גייט
אויף רײַטוועגן,
אייזלען,
צו פוס און אויף פערד.
פון אַלע פיר וועגן
און עקן
פון שטאָט
קומען אָן זקנים
און ווײַבער
און קינדער
באַגאַפן דעם גרויסן בייזוווּנדער,
דעם גרויסן בייזוווּנדער.

און ס׳איז געווען,
בעת קריסטאָוואַל קאָלאָן
האָט באַטראָטן דעם שוועל פון דעם פּאַלאַץ,
האָט קעניג פערנאַנד אים
דעם גילדערנעם שרביט געשטרעקט,
די מלכּה איזאַבעל,
מיט איר יורש בן־מלך,
געטאָן האָבן באַלד פון די ערטער זיך רירן,
געגענגט צו קאָלאָנען,
און האַרט בײַ דעם טראָן פון דעם קעניג
אַ שטול אַ געבעטן געשטעלט,
און געבעטן זיך זעצן דערנעבן.

אַנטקעגן דאָס גינגאָלד אין קאַסטנס צעפינקלט,
און שקלאַפן מיט טונקעלע נאַקעטע גופים צעקריצטע:
די ערווהס מיט פעלכלעך פאַרדעקטע,
נאָזרינגען גאָלדענע בלישטשען,
און בויגנס מיט פײַלן געצילטע,
פעדערן גרינע און רויטע
און בונטע קאָלירן
באַצירן
די האָר די באַבוימלטע שוואַרצע,
וואָס הענגען אַראָפּ
ווי די פערדישע עקן
אַריבער די שמאָלע פאַרבראָנדזעטע נאַקנס.

פלאַנצן און חיות און פייגל קאָלירטע,
טרוקענע שלענג און עקדישן ווילדע,
און אַלערליי שרצים
פון יענער זײַט ימים: —
ה ו ט י ע ס מיט מאָנטשיקע עקלעך ווי האָזן,
פּאָפּוגײַען ווי פּאַוועס, ס ע נ ס א נ ט ל ס,

זון־רויזן־פורפור־קאָלירן
און מאָן־בלומען רונדע, ווי זונען.
ליליעס ווי לאָטאָסן ווײַסע פון גאַנגעס,
אַ ל מ אַ ס י ג אַ ; צעדערן שוואַרצע און רויטע,
ק אָ י אָ ט ן, ווי כלבים ווי שטומע, קאַמאַליאָנען,
און קאַטשקעס, ווי שוואַנען,
מיט סאַמעטנע העלדזער גרינבלויע,
ענטלעך, פאַלקאָנען און מעוועס גאָר מאָדנע
מיט זילבערנע טשובן,
באָרוועסע אָדלערס גראָ־גאָלדיק, —
גאָטס וווּנדער!

און שאַרפע געווירצן, די טראָפּישע בשׂמים: —
פעפערלעך גרינע און קנאָבל,
זאַפראַן און לאָרבער און לאַקריץ און וואָרצלען
אין פלערליי דופטן.
און פּירות: —
אַנאַנאַסן מיט שעפּסענע קעפּ קוטשעריאַווע,
אתרוגים, רויבאַרב און באַנאַנעס,
קאָקאָס און טרויבן.

גן־עדנשע ריחות זיך שפּרייטן
אין פאַלביקן חלל פון פּאַלאַץ
און ס׳דעמפן ווי ווײַרעך
די בלעטער געוויקלטע געלע
פון טאַבאַק
אין מײַלער פון בראָנדזענע שקלאַפן.

שטילקייט, ווי דעמער אין קלויסטער,
זיך גנבעט,
און שאָרכט בײַ די ווענט זיך
אין ווינקלען פון פּאַלאַץ;

פאַרקריכט אין דער פליישיקער גלאַטקייט
פון בלומיקן פלושענעם טעפּעך,
צעלייגט זיך הרחבהדיק ברייט
אין די קאַרבן פון שטויביקן מעבל
מאַסיוון פון דורות.

און אויגאַנעס פאָרכטיקע לוגן צעבליצטע,
און אויגן פול חדווה מיט בליקן פאַרגלייזטע,
און אויערן־לעפלעך זיך שטרעקן און ציִען
צום וווּנדערלעך־ווערדיקן וואָרט
פון קאָלאָנען.

תּחילת דערציילט ער שטיל־תּפילהדיק פרום
פונעם גרויסן נסיון פון שווערער נסיעה,
און שפּעטער־צו פלאַקערן ווערטער
ווי קינעלעך טרוקן:
ער רעדט וועגן בונטן, פאַרראַטן
און שוימיקע מיילער פון ימיקע תּהומות,
וואָס האָבן געשלונגען מעת־לעתן און וואָכן,
די ווערעם פון צווייפל אים האָבן געפרעסן
דעם תּמצית פון וואַרטן,
דעם גרויסן בטחון.

און ווען ס'איז געקומען
דער טאָג פון זײַן חסד, —
ווערט וואָרט זײַן ווי לאַגאַס פון שליחים, —
דער וווּנדער דער גרויסער פון שווימנדע פלאַנצן,
און ס'האָט זיך באַוויזן די גרינערד פון ווײַטן,
איז געווען ווי די טויב
פונעם ביבלישן נח
געבראַכט וואָלט די בשׂורה אין פּימסענער תּיבה.

דערציילט האָט קאַלאָן זיי די פּלאַי־פּלאַים
פון יענער מדינה,
ווו ס'ווינען גאָטס קינדער,
וואָס זענען נישט נהנה פון קריסטלעכן גלויבן,
און ס'נעמט זיך זייַן וואָרט דורך מיט הייליקן פלאַטער,
אַז קומען וועט קומען אַ טאָג פון די הימלען —
דער טאָג פון באַפרייַען דעם קבר פון קריסטוס.

און ער זעט ווי אין נעפל
די אויגן פון הייליקער יונגפרוי
ווי דימענטן בלאַנקען,
און ס'דוכט זיך אים אויסעט
זי זאָגט צו אים לאמור:
„אָ, דו ביסט דער שליח פון גייַסט,
און דיר איז געגעבן די שליחות
די גרויסע דערפילן!
געבענטשט זייַ,
דו זון פון אַ זינדיקער מאַמען,
וואָס דו האָסט די ליכטיקע ביינער
באַפרייַט פון אַנטיכריסט!"
איזאַבעל לאַ קאַטאָליקאַ ווישט אָפּ אַ טרער
פונעם בלוילעכן קינבאַק,
און ס'פּאָרשקען בקדושה
די פיס פונעם קעניג פערנאַנד
אויפן פליושענעם טעפעך.

קאָלאָן ווערט עקסטאַטיש,
ער ברומט ווי פון פסאַלמען:
„רייַך איז דאָס לאַנד דאָרט
מיט אורוואַלד און בערג;
און בליִענדע לאָנקעס,
און גאָלדענע טייַכן דאָרט פליסן

און אָזיערעס פרישע ווי קוואַלן,
און אונטער בורשטינענע הימלען,
ווי אוילביימער וואַקסן אויף פעלדער,
די דופטיקסטע בשׂמים.

נישט געזען דאָרט קיין ריזן,
מענטשן הכנעהדיק־שטילע,
צוויי צענטליק קריגער
מיט פאַנצער און שווערדן
און שאַרפע כּלי־זיין,
מיט גלויבן אין האַרצן
באַקערן די זינדיקע קינדער,
פאַרבלאָנדזשעטע שעפסן,
אין שויס פון קאַטוילישער קירכע, —
צוויי צענטליק זעלנער געניטע
אין קונסט פון מלחמה,
פאַרטיליקן וועלן,
צעטרײַבן אין הונדערטער נאַקעטע ווילדע
העט־ווײַט
אינעם פלאָנטער אין טיפן פון אורוואַלד.

פאַרפלאַנצן מע וועט דאָרט דעם בוים פון אמונה
און גרויס מאַכן ווײַט
איבער לענדער און אומות
די גלאָריע פון שפּאַניע
לעאָן און קאַסטיליע...

געזאָגט, און באַלד האָט ער קאָפּ זײַנעם שיוון,
גלײַך ווי אַ לייב מיט זײַן גריווע פאַרוואָרפן:
„און זאָל נאָר דערפילט זײַן
דער אָפּמאַך דער גרויסער
צווישן אים און קאַסטילישן קעניג.

עס זאָל נאָר דער אויפזיכט געהערן צו אים
און צו קינדסקינדער זײַנע
פון לענדער אַנטדעקטע, —
וועט הימלשע שפּע שוין קלעקן
אַ וועלט צו באַטיילן
מיט גאָלד
און מיט זילבער,
מיט חיות און פייגל,
בשׂמים און פּירות
און טײַערסטע פּערל...״

די שליסלען פון לאַנד זײַנס אַנטפּלעקטן,
וועט ער קיינעם נישט געבן, —
ס׳גאָלדענע לאַנד,
וואָס געטאָן האָט ער גרייכן
אין בענקשאַפט, אין דויער,
אין פלאָגן פון וואַנדער.

און ער וויקלט פונאַנדער
די מאַפּעס פון פּאַרמעט,
וווּ ס׳איז פאַרצייכנט
דער וועג צו זײַן גלאָריע: —
טאָסקאַנעלי אַליין
פון פלאָרענץ
האָט די מאַפּע געצייכנט
און סהאָט דאָן אַברהם
ס אַ ל מ אַ נ ט י נ ע ר
מיט אייגענער האַנט
דורך מידבר געוויזן
דעם וועג צו זײַן לאַנד.

און ווייל איז,
עס זענען מקוים געוואָרן

די נביאות פון הייליקע שריפטן,
איטעם: —
פאַרהוילן איז קיין זאַך
פון מענטשנס באַשטימונג, —
דעציזיע פון גלויבן.

התלהבותדיק ברענגט ער דאָ
סענעקאַס ווערטער: אַז „טעג וועלן קומען
אין קומנדע צייַטן
און ס׳וועט זיך אַנטפּלעקן
אינקאָגניטאַ טעררא
און טולאַ נישט זייַן מער
וועט לאַנד שוין דאָס לעצטע...״

„דרום לאָמיר לויבן
פון אייביק אויף אייביק זייַן נאָמען!״
ער ווייַזט מיט אַ פינגער
אויף מאַפּעס אַ פּינטל אַ בלויען:
„אָט דאָ וועט מען בויען גאָטס טעמפּל,
ווייל ס׳איז נישט פאַרהאַנדן
קיין אַנדער ממשלה נייַערט פון גאָט.
אַזוי איז אין ספר אין זייַנעם פאַרשריבן:
,ס׳וועט אויפשטיין אַ וואָרצל פון ישי
און צו אים וועלן האָפן די פעלקער
און הערשן ער וועט מיט דער גבורה
פון הייליקן גייַסט,
מיטן כח פון פאָטער און הימלען.
דורך ווילן דורך זייַנעם
טאָן וועט ער הערשן־באַהערשן
פיל לענדער און אומות,
אַז זייַן אונטערטעניק זאָל איטלעכער נפש
צו זייַנע ממשלות.׳

דערפאַר האָב איך וויינאַכט
מיַין אינדזל גערופן,
מחמת דאָרטן פון ס'ניַי איז זיַין נאָמען געבוירן,
און אויפשטעלן וועלן מיר דאָרטן
אַלס צייכן די ערשטע קאַטוילישע קירכע
און מאַכן גערהאָרכזאַם די ווילדע נאַמאַדן,
און אָפּקערן זיי פון די געטער,
און הייליקן זינדיקע ערד דאָרט
דורך אָפּפער און פלאַמען —
און קריסטלעכע שווערדן."

פאַרוויגט אין אַ הימלשן דרעמל דער קעניג,
די מלכּה פאַרגאַפּט און פאַרטיפט זיך
אין געטלעכער מראה פון גאָלדענער נישע,
קוקט יעזוס איצט בלודנע
מיט אויגן פאַרטרערטע
צו איר, דער קאַטוילישער מלכּה,
און זי הערט ווי גאָט מורמלט
צום הייליקן שליח — קאָלאָנען:
„אויך זינדיקע קינדער
איז געטלעכער כּוח געגעבן: —
צו ברענען, צעשטערן, פאַרניכטן,
פאַרלענדן — און בויען.
ווונדער באַוויַיזן, ימען צו שפּאַלטן,
שׂונא באַזיגן, איַיזערנע טויערן
בלינדע אויפריגלען, וועגן און שטעגן
געפינען פאַר בלאָנדזשענדע שאָף
אין דער פינצטער,
ווען טיף אין די הערצער
נאָר טראָגן גאָטס קינדער
דעם גלויבן דעם גרויסן
אין הימלישע רייכן..."

און ס׳דוכט זיך איר אויס,
אַז זי לייענט דעם פּסוק פון לוקאַס:
„שב לימיני! צור רעכטער האַנט זאָלסט מיר זיצן,
ביזקל איך וועל פון די פּיינט דײַנע מאַכן
אַ פוסבענקל דיר צו די פיס!...״

באַשײַנפערלעך זעט זי נאָך ליגן צו פיס איר
אַלמאַנסאָר דעם פּרינץ פון גראַנאַדע,
ער קניט צו איר, בוקט זיך:
„איך שווער בײַ אַלאַה און זײַן נביא מאַהאָמאַ,
צעריגל דעם גאָלדענעם טויער
פון פּאַלאַץ אַלהאַמבראַ
און נעם צו די אוצרות
וואָס ליגן באַהאַלטן דאָרט יאָרן,
מײַן גאַנצענער מלכות צו דיר טוט געהערן,
נאָר שענק מיר דאָס לעבן,
אָ, האַרנטע גרויסע,
געאַכפּערטע מלכּה, איזאַבעל פון קאַסטיליע!״
און זי טרעט און זי פּלינדערט
דעם גוף זײַנעם טויטן,
זי פלוכט און פאַרשעלט אים
אויף אייביק און אייביק.

...בייגט זיך דער טראָן פונעם קעניג
צום שטול פון קאָלאָנען
און ס׳קעניגלעך זיסלעכער שלומער
זיך וויקלט אין דופּטיקע זײַלן
פון טראָפּישע בשׂמים, און ס׳פלעכט זיך
אַרײַנעט דער חלום פון קעניג
אין קאָפּטשענדן רויך פונעם טאַבאַק,
וואָס דעמפּט זיך נאָך אַלץ,
ווי אַ קטורת און רויכערט זיך רויכערט
אין מײַלער פון נאַקעטע שקלאַפן.

און ס׳צלמט דער גלח קאָלאָנעז
און גיט אים די ווונדן פון יעזוס צו קושן;
ער קניט פאַרן קעניג
און שעפטשעט טעדעאום:
„זאָגט, קינדער, אַ לויב צו די הימלען,
וואָס ער האָט געטאָן אונדז דערוויילן
די שליחים צו זײַן פון זײַן נאָמען
און פעלקער באַקערן צום גלויבן
פון נוצרי — ישוע המשיח...״

און ס׳זינגען די קלויסטערשע כאָרן
טעדעאום לאַודאַמוס,
און ס׳שפּילן די אָרגלס,
און ס׳שאַלן חצוצרות,
און ס׳פּויקן
די פּויק־טאַמבורינען
און ס׳פלאַטערן,
פלאַטערן פאָנען.
יובלען אין אָרגיע,
און ס׳גאָרגלען
המונים־ציקלאָנען
אַ וויוואַט,
אַ וויוואַט קאָלאָנען.

טשירקען און טרילערן פייגל,
פּישטשען און פייפן סענסאָנטלס.
צעגרילצן זיך גרויליק די ל אָ ר אָ ס,
און ס׳טאַנצן און שפּרינגען, ווי אַפּן,
רעווען ווי חיות די שקלאַפן,
הוקען און שרײַען
און ברומען
קניִען זיך בוקן —

און שטומען.
און ס׳טאַנצן האַלבנאַקעטע
טענצערין־נימפעס,
אַראַבישע טעכטער.
און ס׳זילבערט זיך,
זילבערט,
און ס׳ציקלט זיך
יונגער געלעכטער,
און ס׳דזשימזשען
און ס׳קלינגען
די טאַצן.
און ס׳שלאָגן די דילן
די דולע אָפּצאַסן,
האָלדערן ווילדע טראָמפּעטן
און ס׳קלאַפּן —
קליפּ־קלאָפּ —
קאַסטאַניעטן,
פּעכטן זיך
פלעכטן זיך
זילבערנע קאַמען
מיט גלעקעלעך־לאָקן,
און ס׳קלינגען
די קלויסטערשע גלאָקן: —
גלין־גלאַן
און
בים־באַם:
ה־ל־ל־ו־י־ה!
טעדעאום לאַודאַמוס!
קלינגען די גלעקער
די דולע:
אַ לויב צו גאָטס זון
און דער הייליקער בתולה.

בים־באַם
ה ל ל ו י ה !

דין־דאַן !
אַ לויב צו דעם קעניג פערנאַנד
פון קאַסטיליע !
גלין־גלאַן !
און דין־דאַן : —
דאָניאַ איזאַבעל,
און בן־מלך
דאָן־כואַן !
דין־דאַן !
ה ל ל ו י ה !
דין־דאַן !
קלינגען די גלעקער
גלינגלאָנען
צום וועלטן־אַנטדעקער
קאָלאָנען !...

*

1

מיטלעלטערלעכע שטאָט האָט אויפגעוואַכט
מיט זון און בלי̇ענדיקע קלומבעס.
די פּאַלמעס האָבן ברייטע דלאָניעס אויפגעמאַכט
און געבעטלט במחשבה
אַ נדבה
ביי קריסטאָפאָראָ קאָלומבוס.

קאָלומבוס — הויקערדיק און אַלט.
זײַן געשטאַלט: —
אַן אויסגעלאָשן ליכט.
— און זע ווי אומגעריכט!
אַ וועלט אַנטדעקט, — און וואָס?
איז מענטש דען נישט ווי וועלקענדיקע גראָז?
געזען דעם ברעג פון אונטערגאַנג!
נאָר געיוירן האָט פאַרלאַנג
דערברענגען וואַנזיניקן טרוים —
אַלטן גוף — דורכגעפוילטן בוים, —
נישט ברעכן זאָל דער שטורעמווינט,
די צווײַגן יאָמערן — אונטערגאַנג־געוויין,
און ס'טוט לבנה אָן דעם בוים
אַ לײַכטנדיקע קרוין.
דער אַלטער בוים — אַצינד
אַרומגעוואָקסן איז מיט גרינס.
ער ברענגט אַ גרויס געווינס
דער וועלט.
די זון צעהעלט
זײַן פנים, — קאָרע פון אַ דעמב,
נאָר אויג זײַנס קוקט אין ווײַטער פרעמד,
ווי אויג פון סאָווע אין דער נאַכט.

און זע! — האָט ער געטראַכט: —
מע גריסט מיך מיט מייַן זיג!
און ווייסט נישט ווער אַ מאָל דעם וועג אויף צוריק:
ערשטן גאַנג אין לעבנסוואַלד אָן פורכט? —

ער הערט נאָך אַלץ, אים דוכט,
דעם זיגגעזאַנג ווי דורך אַ וואַנט.
און אפשר זינגט אַזוי זייַן נייַאַנטדעקטע לאַנד?...

2

די נאַכט איז געקומען אַ שווערע, —
נאַכט אַ מאָנאַשקע אין שוואַרצן
פאַרשטאָפּט זי די קוואַלן פון טרערן,
פאַרריגלט די טירן פון האַרצן.

זעט קאָלאָן נאָר וואָלקנס שוועבן,
און שוואַרצער ווערן הימלשויבן.
— אויב מאָמענט איז מענטשנס לעבן, —
דאַרף עס הויך זייַן און דערהויבן!

ס'איז דאָס לעבן אויגנבליקלעך, —
ווי אַ בליץ אויף הימל גרויען: —
רגעס — גליקלעך, —
יאָרן — טרויער.

שעהען קומען — און פאַרגייען:
כּהרף־עיִנדיקע שטונדן.
און ווער מיט טרערן טוט פאַרזייען,
דער דאַרף אויכעט שנייַדן — וווּנדן?...

אַך, ווי עס רוישן געדאַנקען
אין מאַרך פונעם גרויסן בעל־חלום!

— ווי וואָלט ער זײַן שיף שוין געאַנקערט
און קומען אין לאַנד זײַנס בשלום.

מחשבות זיך מערן און מערן —
שיפלעך פון שטורעם געטראָגן.
— נישט אויפגיין וועט קיין מאָל קיין שטערן,
קיין מאָל וועט דוכט זיך נישט טאָגן !...

קאָלאָן האָט אין פיבער געווונדיקט,
אויף נאַכטיקן בעט זיך געוואָרפן.
ציִען זיך נאַכטיקע שטונדן
און לאָזן אַ רגע נישט שלאָפן...

זעט ער, דוכט, מענגען אינדיאַנער —
קעפּ בײַ זיי — קנוילן פון פײַער.
הערט ער אין וואַלד ווי די טאַנען
ברעכן זיך, ברענען — און שרײַען...

נאָר אָט גליט די זון שוין אין פענצטער —
אַ קאָפּ פון אַ בראַנדיקן חולה.
ער טרײַבט נאָך פון אויגן געשפּענסטער
און לעשט נאָך די נאַכטיקע קולות...

קאָשמאַר פון דער נאַכט איז פאַרשווונדן,
קאָלאָן האָט געקניט און געבעטן.
געקושט האָט ער יעזוסעס ווונדן,
דעם צלם געצערטלט, געגלעט אים...

די זון האָט באַלויכטן דעם פאַרמעט
פון אַלטן צעקרישלטן פּנים.
— נאָר ערגעץ האָט גייץ שוין געוואַרעמט
די שלאַנג פון קאָלומבוסעס שונאים...

3

און ווידער טוט אָן זיך קאָלומבוס
אַ קרוין פון פאַרלאַנגען:
ער וואָלט איצט געגאַנגען,
געקלעטערט אויף בערג,
די פלוסן פון גאָלד,
צווישן טײַכן ער וואָלט
דאָרט געפונען דעם קוואַל, —
געזוכט אין די טײַכן
דעם קוואַל פון דער „אייביקער יוגנט".

זײַן רו איז דערווײַל ווי אַ צווײַגל
וואָס פלאַטערט אין פיסק פון אַ פויגל,
ער ווייסט נישט אַווו וועט דער פויגל
פאַרטראָגן דאָס צווײַגל — זײַן רו.

4

די נײַס האָט מיט טויזנטער צונגען
גערופן, געוועקט — און געשאַלט.
קאָלומבוס געוואָרן איז ייִנגער
און הייסער זײַן אַלטע געשטאַלט.

ער האָט אין די אָוונטן שפּעטע
געמעקט און געצייכנט די מאַפּעס
פון נאָר וואָס געפונענעם לאַנד.
— נאָר ווער איז אין שטילקייט וואָס רעדט דאָ?
און ווער איז די חיה מיט לאַפּעס,
וואָס קריכט דאָ אַרום אויף דער וואַנט?...
— די חיה, — זײַן אייגענער שאָטן —
קרימט זיך, כיכיקעט — און שפּעט,
בעת ער האָט אין שווערע מינוטן
צום וועלטן־אַנטדעקער גערעדט.

זאַמלען אין פּאָרטן זיך שיפן,
און ס׳קומען המונים פון ווײַט.
און עמעצער שרײַבט יעראָגליפן, —
ער ווייסט נישט פון זיי דעם באַטײַט.
הערט נישט די האַנט אויף צו מאָלן
מיט טראָפּנדלעך רויטע — טריף־טראָפּ.
און קלאָר זעט ער — וויגט זיך אויף שאָלן,
און ס׳ציטערט — אַ שפּאַרבערשער קאָפּ...

ער שטאַרקט זיך דאָס בילד צו פּאַרווישן, —
דאָס גרויליקע בילד אויף די ווענט,
נעמען אַרום איצט זײַן קישן
אָנצאָליקע, בלוטיקע הענט.

5

לבנות און זילבערנע טאָגעס,
אַ בונטע, צערוישטע מסיבה.
מע לייגט אויף דער וואָג איצט
די סיבות פון סיבות.

באַוואָפנט מיט חכמה ווי פײַלן,
פירן אַ ווערטער־מלחמה —
מאָנאַכן און פּראַילעס —
עלטסטע קאַסטילער חכמים.
זאָגט איינער: — מיט דעת און שׂכל
טוט דער באַשעפער אונדז פירן:
אַרײַנגאַנג אין הייליקן היכל
קאָן נישט געמאָלט זײַן אָן טירן.

זיך קליגלט אַ זקן אַ צווייטער
און קלימפּערט די ביינער פינגער:

— אַ לאַנד איז אַ פּירה אַ גרייטע
פאַר יעדן וואָס הונגערט...
אַ דריטער גלעט בלעטער
פאַרגעלטע, צעפּרעסן פון מײַז.
— אַ לאַנד אין דעם הימלשן שטח
אַנטדעקן — באַוויַז !...

— אַ וווּנדער פון ליים אויסצוקנעטן
אַ פּנים, אַ פינגער, אַ האַנט !
— אַ חכמה געוועזן אַנטדעקן ? —
פון דורות געלעבט האָט אַ לאַנד !

— דער ערשטער קאָלומבוס דערבליקט האָט,
וואָס קיינער האָט פריִער ביז אים ? —
האָט מלכּה איזאַבעל אים געשיקט דאָך, —
כּריפּעט אַ פּרעפּלענדע שטים.

...קאָלומבוס פאַרטיפט אין זײַן חלום,
פאַרשטאַרט אין דער ווײַטקייט פון צײַט.
ער צערטלט דעם וועלטישן באַלעם
און קוים וואָס דעם שמועס צעקײַט.

נאָר פראַי דע מאַרטשענאַ צעווונדיקט
בײַם ראַנד פונעם רונדיקן טיש.
דעם תּוך פון חכמים דערקונדיקט, —
גיט אים אין מוח אַ מיש :

זוכט ער אַ פּסוק פון לוקאַס
אין הייליקן טאָן פון פראַנציסק.
ער קאָן זיך וואָס גוט און וואָס קלוג איז,
ער קאָן אויך צבועקישן ביס.

ווײ צו בעלי־תּורה, דעם שליסל
פון חכמה וואָס האָבן פֿאַרנומען!
זײ קומען אַלײן נישט געניסן,
אויך לאָזן אַ צווײטן נישט קומען...

נישט בענטשן זײ קומען, נאָר פלוכן,
דרום זאָגט די חכמה פון גאָט: —
„איך וועל צו זײ שיקן נביאים און שלוחים
צו מאַכן צו שאַנד און צו שפּאָט..."

6

— ...דורך וועלן פון עלנט פון ראַשער מסיבה
פֿאַרנומען קאָלאָן האָט די רײד פון מאַרטשענאַ.
זוכט נישט, חכמים, די סיבה פון סיבות
כּל זמן איר קאָנט זיך אַלײן נישט דערקענען!

און דער וואָס אויף פעלדזן געזײט האָט זײַן זריעה,
וועט פרוכטבאַרסטער רעגן נישט ברענגען קײן פרוכט.
ס'איז נישט דאָס לאַנדן, — עס איז די נסיעה, —
נישט דאָס געפינען, — נאָר דער וואָס עס זוכט.

7

— „...דער שטאַרקסטער בוים מוז ווערן צעבראָכן,
און דער מאַן פון חכמה פאַרגײט,
ווי די פלאַנצונג פאַרגײט..."
זענען מאָדנע אין מוח קאָלאָנען געקראָכן
קאָנפוציוסעס רײד.
ער ווײסט נישט פאַר וואָס,
נאָר ער קאָן נישט די שײַכות געפינען
צווישן אים און דעם חכם פון כינע:

ער וויל זיך אין חכמה דאָך קיין מאָל פֿאַרוויגן
און זוכט נישט איר אײביקן זין,
פֿאַר אים איז דאָס לעבן — אַ לייטער מיט שטיגן, —
ער שטײַגט — און ווייסט נישט וווּהין.
אָט איז ער אויף שפּיץ פֿונעם לייטער
און ס'ווינקט צו אים אייביקייטס־בליק
און וואָס מער אין הויכקייטן גייט ער
אַלץ קוקט ער אַרונטער אויף צוריק.
אין טאָלן פֿון מענטשלעכן קריכן,
אין נידער פֿון מענטשלעכן גיין,
ער שפּריצט זיך פֿאַנאַנדער אין טויזנטער איכן,
און תּמיד פֿאַרבלײַבט ער אַליין.
ער זעט זיך אין טויזנט געשטאַלטן
און פֿורעמט זיך איבער אויף ס'נײַ:
אַך, ווען ער קאָן נאָר זײַן טווונג באַהאַלטן, —
די טווונג, וואָס גייט נישט פֿאַרבײַ...
אין אַשעס פֿון נעכטנס די פֿונקען, וואָס צאַנקען
דעם פֿײַער פֿון מאָרגנס — שוין צינדן זיי אָן.
פֿון נעכטיקע זאָמען — צעבליִען הײַנט זאַנגען,
נאָר ס'וועט זיי נישט שנײַדן — קאַלאָן.

8

אָקסן אין יאָכן — די נעכט און די טעג
שלעפּן פֿאַמעלעך, זיך ציִען.
קאַלאָן האָט גענומען זיך גרייטן אין וועג,
דערברענגען צום סוף זײַן נסיעה.

ער וואָלט שוין פֿאַרלאָזן פֿאַרשאָלטענע ערד
און ווידער מיט ים זיך געראַנגלט.
ווי וואָלט ער וועלן שוין זען יענע ערד,
ער האָט דאָרט זײַן גורל פֿאַראַנקערט.

9

פריזיקע גלעקער גלינגלאָנען
מיט זוניקן אָפּהילך אין גאָרטן.
די גלעקער דערמאָנען קאָלאָנען:
עס זאַמלען זיך שיפן בײַם באָרטן.

קומט אָן פון אַלע פיר ענדן
אין בונטע קאָלירן — דער פעבל.
— מע וועט נאָך דערציילן לעגענדן
פון וואָגלער אין ימיקן נעפל...

וואָגלער — נאָך גאָלדענע גליקן,
גולים — צו רויִקע פּאָרטן.
די וואַנדערער ווינען אויף בריקן,
וואָס הענגען בײַם ברודיקן באָרטן...

מענער אין בונטע טורבאַנען,
די ווײַבער אין פאַרביקע שאַלן.
מע שפּאַנט מיט פאַרגיכערטע שפּאַנען,
אַז איינער אויף צווייטן טוט פאַלן...

געיעג און געלאָף איז נאָך מערער
פאַרנאַכטצו בײַם אויפגיין פון שטערן
און דעמאָלט ווערט שווערער און שווערער,
און ס'גייען אויף קוואַלן פון טרערן...

פון טרערן ווערט ים אַלץ נישט פולער,
לבנה — אַ ליבלעכע מאַמע.
אויף יענער זײַט ימים — די גאולה
זאָל כאָטש נישט פאַרזאַמען. — —

10

ווי פעסער ווי שווערע קאַטשען זיך טעג
פולע מיט גרויל און מיט אֵימה.
און ס׳וואַשן און וואַשן דעם מאָכיקן ברעג
די כוואַליעס פון דורות געהיימע.

שוין יאָרן, צענטוריעס, דער זעלביקער רויש
אין פויקן פון אויערן שלאָגט ער:
נאָר היינט איז דער רויש אַזוי גרויס
און עפעס געהיימעס פאַרמאָגט ער.

ווייסן נישט מענטשן אין אורוואַלד,
נאָר שפּירן ווי בלינדע און וואַכן.
און פונקט ווי די וועלט איז שוין אַלט
געראַנגל פון ריז מיטן שוואַכן.

# אין יחוד מיט אחד

1

פאַרבן די בערג זיך אין ראָז און אין בלוי,
די ביימער ווי פערל אין זילבערנעם טוי.
און טאָררעס אין זריחת־השמש שטייט אויף
צו וואַשן מיט שטראַלן זײַן ברודיקן גוף.

דע־טאָררעס איז אַליין דאָ,
אַליין אין דער געהיים דאָ,
אַנטרונענער פון שווערד.
אַליין אויף ערשט אַנטדעקטער
און שוין אַ בלוטנדיקע ערד.
אויסגעטאָן פון וועלט,
וויכּוחים פירט מיט זיך,
מיט גראָז אין פעלד,
מיט מוראַשקעס אין זאַמד,
און מיט קינדערלעך פון לאַנד, —
בראָנדזענע סטאַטועלעך —
לערנט זייער שפּראַך.

און אין שפּעטע נאַכט־שעהען דערעסענע,
האָט טאָררעס אומגעזוכט
די שפּורן נישט פאַרגעסענע
פון מוסר־בוך,
וואָס ער האָט אין קעלערליכט געלערנט
מיט זײַן זיידן — אין טאָלעדאָ.
און קלאָר געדענקט ער יענעם גדר,

וואָס זיידע האָט פון ספר דאַן אַרויסגעלערנט:
— אַ ייִד דאַרף געבן זיך אַ נדר
דאָס שלעכטס מקבל זײַן פאַר גוטס, —
לדוגמא איז — דער מאַן פון עוץ,
וואָס ווידערשפעניקט האָט אין גאָט־גערעכטן גזר.

וואָרן זאָגן האָט געזאָגט
גאָט־צבאות אונדזער האַר:
פון ישׂראל — קאָפּ און עק
ער וועט פאַרשניידן אין איין טאָג,
דעם טייטלצווײַג, דאָס ריטל פונעם טײַך,
ס'יאָגלע־ביימל און דעם דעמב
וועט שטורעם אָויסרײַסן באַגלײַך —
און מעג דײַן לײַב זיך זײַן אין וווּנדן,
גלויב אין זײַנע וווּנדער
און נישט פרעג!

— וואָרן וואָס קען אומבאַהאָלפענער דען טאָן,
בכדי דאָס אומרעכט אָפּצוטאָן,
בעת דער רשע מערט זיך מער און מערער? —
איז די פלוגתּא שווערער!

— נישט משתּף זײַן זיך מיטן שלעכטס
און נישט אַ נעסט צו געבן
פאַר מחשבות־זרות, —
קער אָפּ פון דרכים קרומע פונעם לעבן,
ווי אַ חיה לעב אין נאָרעס. —
און אין יחוד וואַרט און האָף: —
צו רישעות קומען וועט אַ סוף!...

און טיף אין מוטערוואַלד,
צווישן טורעמדיקע פעלדזנבערג

האָט טאָררעס אומגעשפּאַנט
באַוווּנדערן גאָטס ווערק
פון ווילד און פרעמדן
גאָט־געבענטשטן לאַנד.
און האָט באַשייַנפערלעך געזען,
ווי פרעכער נאָך
עס דעקט דאָס שלעכטס איר פּנים אָפּ,
שטעקט אַרויס מגושמדיקן קאָפּ,
די אָנגעשאַרפטע ציינער ווייַזט. —
עס וואַקסט די שׂינאה אומגעהויער.
און אין געפעכט פון גוף און גייַסט
האָט ער די טראַגיקייט געמויערט.

2

און סע איז געווען
נאָך ערשטן שיפּברוך
בייַם קוים אַנטדעקטן ברעג;
און ס׳האָט קאָלאָן דער האַר
געבראַכט די ערשטע אַכט און דרייַסיק
אייַנוווינער,
כּדי אייַנצונעמען ס׳לאַנד
און עס באַוווינען, —
איז ווי זיי האָבן נאָר
אַ פוס געשטעלט
אויף נייַער ערד,
האָבן זיי מיט מאַכט
באַוואָפנט זיך,
און אייַנגעשפּאַנט
די אייַנגעבוירענע
און זיי באַפוילן
די נאַטור די קאַרגע
צו באַוועלטיקן:

שנײַדן װעגן
דורך די פעלדזנבערג,
דעם בויך פון מוטערערד
אויפרײַסן,
שלעפן שטײנער
אויף די שולטערן,
מישן לײם
און גרונטפעסטיקן
דאָס הויז פון גאָט.

און צו די ברוינהויטיקע װײַבער
און צו די זקנים האָבן זײ געזאָגט:
— „און גײן זאָלט איר
דורך ברײט און לענג פון אינדזל
און נישטערן און זוכן
צװישן בערג
און טײַכן — גאָלד!"

און עס האָבן די אינדיאַנער
שטײנער געהאַקט,
געשניטן װעגן,
ברונעמער געגראָבן,
שטויבן גאָלד געשאַרט אין טײַכן
און אין בערג,
געפלאַסטערט און געבויט
דאָס ערשטע קלויסטערל
אויף נײַעם קאָנטינענט.

און מיט מעסערס
האַרטע מוטערערד געריסן
און איר עקשנותדיק אײנגעװײד
מיט דאַרע קלײנע קערנדלעך פאַרזײט.

און ווען רעגן טראָפּישער
פֿון הימלען אָנגעשוואָלענע
האָט פֿרישע קרקע־שפּאַלטן,
ווי מײַלער שוואַרצע,
מיט מזל־ברכה אָנגעטרונקען זאַט, —
האָבן בײַטן זיך געכוואַליעט
מיט גרינע בלעטער
פֿון ערדעפּל צעשפּרייט
און מיט קעפּלעך קוטשעריאַווע
פֿונעם בערדלדיקן בלאָנדן קוקורוז.

און זונבלומען פֿון זון פֿאַרסמאַליעטע
אונטער אייגן, שווערן לאַסט
געבוקט זיך האָבן צו דער ערד,
און ווייץ און קאָרן האָט געבליט,
און פֿייגעלעך אין אַלערליי קאָלירן
גן־עדנדיק געפּישטשעט האָבן
און געפֿלאַטערט אין זעניט.
די טײַכעלעך און קוואַלן
געקוועלט האָבן פֿאַר פֿרייד
און שטילערהייט
מיט זון געפֿלאָסן
און מיט צאַפּלדיקע פֿיש,
און ס'איז רײַך און פֿעט געווען ס'גערעטעניש
אויף יונגער, פֿרוכפּערדיקער ערד.

און ס'האָבן די מושלים געזען, —
עס איז גוט!
האָבן זיי זיך פֿון ים־ווינטל
צערטלען געלאָזן.
אונטער פֿײַגנביימער
און אונטער פּאַלמען־שאָטנס זיך געלייגט
און אַרויפֿגעקוקט צום בלויען זונענגאַנג.

און עס האָבן די שקלאַפן די ברוינהויטיקע
דאָס ברויט געשניטן און אין שײַער געפירט,
פון די קערנדלעך מעל געמאָלן —
ברויט פאַר די געוועלטיקער.
און זיי, די קנעכט,
געטריבענע פון זונאויפגאַנג
ביז זונפאַרגאַנג,
זיך באָדנדיק אין שווייס, —
אין רגעס רו מיט ווײַב און קינד,
פלעגן זיך מיט קרײַטעכצער מיט רויע,
מיט באַנאַנעס און מיט קאָקאָניס
זיך אונטערלענען ס'האַרץ
און די אָפגעצערטע,
הונגעריקע לײַבער
אָנשטאָפן ביז זעט.

און צאָרן געלער
האָט אין ווײַסלען זייערע געברענט
און הונגער האָט געפרעסן זיך אין לײַב,
און תּפילה שטומע
אויף די לעפצן האָט גערײַפט,
און גערופן האָבן זיי
צו געטער זייערע נאָך הילף;
צום גאָט פון זון
און ים,
צום גאָט פון קריג און ווירבלווינט,
און צום בייז־נקמהדיקן פעלדזנגאָט
האָבן זיי אין אָוונטן געקניט,
און ס'האָט קיינער,
קיינער נישט געהערט,
נישט אויף הימלען, נישט אויף ד'ערד
דאָס שטומע, שלוכצנדיק געוויין

פון ווילד־געפלאָגטן
קינדערפאָלק אין קלעם.

3

דער האַס האָט ווי וואָלקנס אין ים,
געטונקלט ביז וואַנזין דעם מוח.
פון צאָרן געצונדן אַ פלאַם,
די אָרעמס געפורעמט מיט כּוח.
ביז — אוראַלט באַזיגט האָט דאָס נײַע,
וואָרצל פון פרעמדע פאַרניכטעט.

דע־טאָררעס געזען האָט אין פײַער
אַ צייכן פון נײַער געשיכטע.

געזען האָט ער ווילדע מיט פאַקלען
אין פינצטערער נאַכט זיך דאָרט טרײַבן,
ווי וואָלט ער די לעצטע סך־הכּלען
אין האַרץ און אין מוח פאַרשרײַבן.
ער וואָלט אויך פאַרשריבן דעם ווונדער,
אַ זאָמען דאָ זײַן נישט פאַראַקערט.
נאָר גלײַך ווי דער סנה אין דער מדבר,
גלויבן אַלץ טראָציקער פלאַקערט.

גלויבן צו זײַן אויסדערוויילטער, —
אַ שליח פון פאָלק זײַנס אין פלאָגן,
זײַן זעל די פאַרווונדיקטע היילט ער
מיט טרעריקן טוי פון זײַן קלאָגן.
— ווי זיס איז צו זײַן אַ פאַרפאָלגטער
און וואַרטן — זיך בויגן אין דרײַען!
און טראָגן דעם טרויער פון פאָלק זײַנס
געלײַטערט אין קדושה פון פײַער.

דין־תּורות ער פירט מיטן בורא,
די זינד זײַנע װעגט ער אויף שאָלן.
— איז פֿאַראַן אויף דער װעלט אַזאַ כּוח,
װאָס זאָל פֿאַר דער שולדיקײט צאָלן? — —

4

כּל־נדרי־שעה. די שעה פֿון מחילה.
אין נעסט דע־טאָרערעס איז — שאַ.
נאָר מאָדנע רױשט דער װאַלד אַ תּפֿילה: —
ליאַ־איליאַ — איליאַ־ל־לאַ!...
ער האָט די תּפֿילה, דוכט, פֿאַרנומען,
װײַט אַ מאָל אין אָװנט־שעה.
מורן־מורא פּלעגט זי ברומען:
אויסער גאָט איז גאָט נישטאָ.

אין זיכּרון פֿון דע־טאָררעס
גײט אויף קינדהײט — העל און העלער;
שטילקײט, װי פֿון בית הקבֿרות,
פֿולט אָן טונקל־פֿײכטן קעלער

פֿון אַ געסל אין טאָלעדאָ: —
ייִדן־עדה אין טליתים,
װײנט דער חזן, װײנט די עדה, —
װינטיק װאָיען צװישן מתים...

שעה פֿון קדושה. — מורא
שאָרכט אין קעלער בלינדן. —
בעל־קורא לײענט נאָך די תּורה,
דרויסן רױשן שטאַרקער װינטן.

װינטן נישט און קײן שום שטורעם
װעט די עדה דאָ פֿאַרשטילן!...

— „פעסט האַלט, ייִדן, קדושה־טורעם, —
הייליק האַלט אָן אײַער תּפילה !...

מיט בורא־עולם אין באַהעפטונג
לעבן קאָן נאָר זון פון יעקב !..."
— נאָר ווינט פאַר טאָג מיט אַלע קרעפטן
רײַסט דע טאָררעסעס געדאַנקען.

געדאַנקען פלאָנטערן — פאַרשידן ;
און אָט געדאַנק שוין טויכט פון טיפן :
ייִדן, ייִדן, ייִדן, ייִדן
קומען אָן מיט אַלע שיפן :

ייִדן קומען פון טאָלעדאָ,
פון כאען און באַרסעלאָנע,
טראָגט מיט זיך זײַן טרויער יעדער,
מזרח־פּײַן אויף יעדן פּנים.

און אין דער וועלט — דער זוניק־נײַער
אויף דער ערד דאָ ערשט געבענטשטער
וועט נישט ברענען גלות־פײַער
אינעם האַס פון מענטש צו מענטשן ?...

5
אַ קבר — פינצטער און פאַרמאַכט, —
איז זײַן האַרץ געווען.
ער האָט געטראַכט :
דורך ווייטיק פון מײַן פאָלק
אין גורלדיקן גרויל,
האָב איך ז י ך געוואָלט
אַ קרבן ברענגען צום גאָט פון ישׂראל, —

נאָר ווי, נישט אָנגענומען איז מײַן קרבן,
און מײַן תּפֿילה איז אין מידבר אָפּגעשטאָרבן.

— און איך אַליין אין וויסטעניש אָט־דאָ,
וואַרט אויף לעצטער שוין באַפֿרײַענדיקער שעה,
די זון זיך בייגט אַרונטער צו ראַנד,
און איך אָט־דאָ אין צוגעזאָגטן לאַנד
וועל בלײַבן איין־אַליין,
ווי ס׳בלײַבט אַ קראַנקער פֿויגל
פֿון אַ פֿליִענדיקער סטאַיע
אַ פֿאַרלוירענער אין זאַמד.
ער שלאָגט מיט פֿליגל דעם צעבראָכענעם
און פּאָכט,
נאָר ער וועט זיך שוין נישט אויפֿהייבן
דער פֿויגל פֿון דעם אָרט.
און פֿון דער סטאַיע דער פֿאַרפֿלויגענער
וועט זיך קיינער מער נישט אומקערן צוריק. — —

טרער נאָך טרער געפֿאַלן איז אין זאַמד.
קאָפּ אַראָפּגעבויגן טיף — האָט ער געוואַרט
מיט אַלע אֵברים אויף באַפֿרײַענדער מינוט;
שטיל, ווי ערשט נאָך דעם באַשאַף,
קייןביימל שאָרכט, קיין פֿויגל צוויטשערט נישט,
און אפֿשר האָט גערוישט דער וואַלד אַרום,
נאָר אים האָט אויסגעדאַכט,
אַז שטיל איז אַלץ און שטום;
ער האָרכט זיך צו צום האַסטיקן געלויף פֿון האַרץ,
ער אַליין דאָ וואַכט אַצינד, נישט מער,
אַלץ אַרום איז טויט, טויט.

6

...ווען ער האָט די אויגן אויפֿגעמאַכט,
איז שוין פֿרימאָרגן־זון געשטאַנען רויט

און אַלעביימער זענען אָנגעצונדענע געווען,
ווי ליכט, — נשמה־ליכט אַרום זײַן גוף.
און ער האָט פּלוצעם גאָר דערשפּירט,
אַז נײַע כּוחות גייען אויף:
ער האָט די פינצטערניש באַזיגט,
די שרעק פון טויט.
ער שטייט שוין אויף די פיס און וואַקלט נישט,
און טריט ביי טריט —
ער גייט, ער גייט, ער גייט,
נישט מער — ער ווייסט נאָך נישט וווהין.

און טריט אַ פּאָר נאָך פון זײַן נאָרע־היים,
באַלד דאָ ביי דער עפענונג פון בוים,
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.
די הענט מיט טוי געוואַשן
און אויסגעצויגן זיי אין רוים,
און צום באַשעפער פון דער וועלט
האָט ער געטאָן תּפילה טאָן אַזוי:

„אויב דו, מײַן גאָט,
האָסט געלאָזט מײַן זעל נאָך ברעכן זיך,
נאָך פלאַטערן,
האָסט געשיקט פאַר מיר די שעה פון פּרווו
און מאַטערניש פון טויט;
האָסט אײַנגעשטילט די וואַסערן,
דעם וואַלדן־רויש פאַרשטומט,
אַז איך זאָל הערן מער נישט ווי דײַן רו,
דײַן קדמונדיקע רו;
איך זאָל דערשפּירן זי
און טיף אין זיך אַרײַננעמען
און זיך אָנפילן מיט איר,
ווי ס׳פילט זיך אָן מיט ימען־רויש

דער מושל־קאָפּ
שוין אויף אייביק טראָגן אים אין זיך, —
אַזוי וויל איך,
מײַן גאָט,
באַהעפטן זיך מיט דיר!

די ערד איז גרויס און מידברדיק
און איך בין דאָ אַליין,
אַליין מיט דיר,
מײַן גאָט!
דערהויב מיך פון די טויערן
פון טויט!
פאַרנעם מײַן אייניציקן געבעט
און נעם מײַן תּפילה אָן!
און שיק, דו האַר
פון וועלט,
אַ ישועה פאַר מײַן פאָלק, —
מײַן שווער־געפּײַניקט פאָלק.
ווי גאָר די וועלט,
מײַן גאָט,
איז גרויס זײַן פּײַן;
און וואָס קען גרעסער זײַן?
מע ברענט אים לעבעדיקערהייט;
און ער? —
ער לאָזט זיך אײַנשלינגען
פון פײַערן
נישט קניִענדיק,
נישט בעטלענדיק קיין גנאָד,
דיך נאָר רופנדיק
דורך פלאַם,
דיך נאָך בעטנדיק,
דורך פּײַן

און צו דיר זיך שטרעקנדיק
נאָך הילף,
ווײַל אומעטום ביסטו
מיט אים,
מײַן גאָט,
אָ, רחמימדיקער גאָט !
דו, נאָר דו,
אין מזרח — דו,
אין מערב — דו,
אין צפון — דו,
אין דרום — דו,
דו. — נאָר דו !"...

7

דער פרימאָרגן־וואַלד האָט אָפּגעהילכט :
דו — דו !
הו — הו !
און דער עכאָ האָט זיך אָפּגעקוילערט
אין די בערג אַרום
און צו די היילן־נאָרעס זיך דערטראָגן
וואָס אין די בערג,
ווּ עס האָבן אין פרימאָרגן־רו גערוט
די אינדיאַנער די האַלב־נאַקעטע ;
און ס'האָט דאָס קול זיי אויפגעוועקט,
און זיי האָבן נאָכן קול אין וואַלד
געלאָזט זיך גיין,
נאָך דעם קול נאָך פון דע־טאָררעסן,
וואָס האָט העכער אַלץ געטראָגן זיך
צו די שערי הרחמים —
דורך די ביימער־קרוינען
פונעם וואַלד אַרויפצו
איבער רוקנס פון די בערג

די זון באַלויכטענע.
און ווײַטער נאָך,
און ווײַטער נאָך. — —

און ס'האָט דער וואַלד
צעוויגט זיך,
שמונה־עשׂרהדיק
און ס'האָבן פייגל אויפגעכאַפּט זיך
טשירקענדיק,
און ס'האָבן פּאָפּוגײַען מיט אַ מאָל
צעשריִען זיך
און נאָכגעשריִען טאָררעסן:
דו־דו־דו !...

און עס האָבן די אינדיאַנער
אײַנגעזאַמלט זיך
מיט ווײַב און קינד,
יונג און גרויס,
פון אַלע עקן וועלט
אָנגעקומען מחנותווייז,
היפּנדיק,
אונטערשפּרינגענדיק,
זיך בוקנדיק.

און טאָררעסן דערזעענדיק
מיט הענט ווי צווײַגן
אויסגעשטרעקטע;
דעם קאָפּ פאַרריסענעם
צום הימל,
די האָר צעקודלטע,
צעצונדענע;
די רויטע, קרויזלדיקע באָרד,

ווי צונגען פײַער,
און זײַן געזיכט, —
ווי זון אַן אָפּגעשפּאָלטענע
זײַן ווײַסע, לויטערע געזיכט,
זיך צינדנדיק,
זיך מינענדיק
און שטראַלנדיק;
די אויגן זײַנע אויפגעלויכטענע
ווי די אויגן־שטיינדלעך
בלאַנקענדע
פון זונענגאָט
דעם שטייניקן
אויף באַרג.

און די הענט זײַנע
באַוועגן זיך,
און די האָר זײַנע
צעפליִען זיך,
און די באָרד זײַנע
צעפלאַקערט זיך,
און דאָס קול זײַנס
העכערט זיך,
און אויף די באַקן זײַנע
בלישטשען פּערל,
כאָטש נעם זיי מיט די הענט, —
האָבן די אינדיאַנער
זיך אַרומגעשטעלט
אַרום דעם אויסטערלישן מענטש;
פאַרגאַפט זיך,
פאַרשטאַרט,
און שטיל געווען אַ ווייל;
און נאָך דעם האָבן אַלע

זיך אַ וואָרף געטאָן
אויף דר׳ערד,
געקושט די גרעזעלעך,
מיט ביימער אומגעאַרעמט זיך,
און אויפגעשפּילט
האָט ווער פונעם געזעמל
אויף אַ פייפל —
אַזאַ מין טרויער־פרייליכדיקס, —
און ס׳האָבן די האַלב־נאַקעטע
אין זון צעצונדענעם
פרימאָרגן־וואַלד
צעפּייקלט זיך,
צעהאָפּקעט זיך,
אַזוי מין ברומענדיק ;
צעטאַנצט זיך הפקרדיק
און שרייַענדיק
און יובלדיק
זיך בוקנדיק
צום ווייַסן מענטשן־גאָט
דעם וואַלדיקן,
צום פרימאָרגן־מענטש
דע טאָררעסן.

צו ערשט האָט טאָררעס
נישט באַגריפן גאָר דעם זין
פון ווילדן אַרום אים
אָנגעלאָפענעם געזעמל ;
און ווי איינער וואָס וויל אָפּווישן
פון אויג דעם דרעמל,
האָט ער זונשייַן בלענדיקן
ווי אָפּווישן געוואָלט
פון גלייִענדיקע אויגן.

נאָר ס'האָט זונענגאָלד
נאָך האַסטיקער געברענט
און געצונדן פלאַמיקער די הענט,
דעם קאָפּ,
די באָרד
און דאָס אָרט דאָ
ווו ער שטייט
האָט, דוכט זיך אים,
געפלאַקערט.

און ווי עס וואָלט אַ נײַע שײַן
זיך אויסגעשפרייט
פאַר זײַנע אויגן,
האָט ער קלאָר דערזען די נאַקעטע
מיט פײַל־און־בויגן,
מיט מעסערס שטייניקע
און העק
און שפּיזן אויפן דיך ;
און פרויען בראָנדזענע
מיט נאָזבענדער צעגלאַנצט
אין פרי־פרימאָרגנדיקער זון ;
און —
דער גאַנצער ווילדער
מענטשלעכער געדרענג
צונויפגעפלאָכטן ענג
אין רייען־רינגען,
האָט רונד־אַרום געטאַנצט געשפּרונגען
און זיך געבוקט פאַר אים,
ווי פאַר אַ האַר.

און ווי איינער,
וואָס דערפילט די מורא

פון געפאַר,
איז טאָרדעס שטיין געבליבן שטאַר;
און גיך,
ווי ס'לויפט פאַרביַי אַ בליץ,
האָט געדאַנק געטאָן אַ קריץ
אין מוח, —
און געזאָגט האָט ער צו זיך אַליין,
ווי קומען וואָלט פון ערגעץ ווו אַ קול:

— פעלדזנשטיין, בלייַב פעסט!
פון אָרט זיך נישט גערירט!...
און מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט
ווי ס'וואַקסט אַריַין אין אים
אַ נייַער מוט,
ווי אָנגעגאָסן וואָלט אים ווער אין אָדערן
שטראָמען פרישן בלוט,
נייַעם לעבעדיקן כּוח.

און מיט אַ קאָפּ פאַרריסענעם אין רוים,
ווי אַ צעדערבוים
פאַר אָנקומען פון שטורעם,
איז ער שטיין געבליבן
אַ פאַרוואָרצלטער אין זיך.
און געווענדט האָט ער זיך
צום אויפגערוישטן ווילדן מענטשנוואַלד
אויף שפּראַך דער טויזנטיעריקער
פון זייַנע אָבות.
די שפּראַך פון גאָט,
וואָס האָט גערעדט אין מידבר
צו זייַן אויסדערוויילטן פאָלק.

און ווי דאָס וואָרט דאָס הייליקע
וואָלט פאַר אים אַליין געווען דער גואל,

האָט ער אויסגעשריִען: —
„שמע ישׂראל!"
ווי מיט נישט זײַן קול
ווי עס וואָלט דער וואַלד אים אויסגעבאָרגט די שטים.
און באַלד נאָך אים
האָט גאָרער וואַלד אָפּגעעכאָט לאַנג
דאָס הייליקע געזאַנג;
און שטאַרקער אויפגערוישט
האָט מענטשלעכער געדראַנג,
גענומען וואַקלען זיך און וויגן
אין ריטעם פונעם אויסטערלישן ניגון
פון דעם אַלפאַרגעבנדיקן גאָט:
„אחד!"
און מיט קדושה־פּאָרכט און גלויבן
האָט דאָס וואָרט פון טאָררעסן
העכער זיך
און העכער אַלץ
גענומען הויבן,
ווי אויף טרעפּ.
און ווי עס וואָלט אַדורכגעלעכערט
די אומזיכטיק־הימלדיקע שויבן,
האָט זײַן קול עקסטאַטישער
געברעקלט זיך ווי גלאָז
און געפאַלן אויף די קעפּ
פון אויפגעשטורעמטן המון, —
טאַנצנדיק און שפּרינגענדיק
אויף טעפּעכער פון גראָז,
אין קרײַזן רונד אַרום
פון ווונדער־כּישופדיקן אָרט, —
קלינגענדיק
און זינגענדיק
דאָס מאָדנע אויסטערלישע וואָרט,

דאָס וואָרט געהייליקטע פון גאָט:
„אחד!"

8

די אורוואַלד־טעכטער באָרוועסע —
זיי האָבן נישט קיין מוט
אין פרי־באַגינען צוצוגיין
צו גאָט־מענטש הייליקן,
און אים אָנצובאָטן גוטסקייט זייערע
אין כוואַליעדיקער פרייד:
ביכּורים־רייפנדיקע פרוכט,
אין פוכקע איילבירטן;
און טייטלען אָנגעשוואָלענע,
ערשט אָט דאָ פון גרינעם
צווײַגהאַפטיקן בוים;
מאַראַנצן צײַטיקע
און קאָקאָ־ניס
מיט רינענדיקן זאַפט.

און ווען די פרויענלײַבער
אין געפלעכט
פון שטראַלן זוניקע
אין צוקנדן עקסטאַז
געקרײַזט האָבן
אין פײַערדיקע רינגען
פאַר זײַן אויג
געצונדענעם אין בלוט, —
האָט ער די פולע אָרעמס
מענלעכקייט
געשטאַרקט,
און געדראַפּעט זיך
אַלץ העכער

אויפן באַרג
פון שטאַרבנדן פאַרלאַנג. — —

און צעפלויגן זענען זיך
די תאווה־תשוקות
פון זײַן גוף,
ווי קראַנקע אָדלערס
פאַלנדיק אויף פעלדזנשטיין
פון ווילן מענטשלעכן
און פרווונגען פון גאָט;
און אײַנגעשטילט האָט ער
די דורשטיק מרוקנדיקע חיה
פון זײַן מענלעך־שרײַענדיקן לײַב
מיט טרערן־טוי
פון קוואַלנדיקן אויג;
און אין תהום
פון טומאהדיקן חומר
אויפגעטויכט האָט
טיף־דערבליקטע תוכיקייט פון יראה;
און אין קדמון־וואַלד
די אורוועלט־ביימער
מיט פילקאָליריקן געפליגל
צעשאָקלט האָבן זיך,
צעפאָכעט אין מאָרגן־שירה
צו דעם באַשעפער
פון דער זוניקייט און פרייד.

און טאָררעס האָט זײַן אויפגעמאַכטע לײַב פאַרריגלט,
די טומאה־הינט געבונדן אויפן קייט,
און קדושה־פליגל האָבן זיך געשפרייט,
ווי טוליענדיקער ווייכער וואָל פון שאָף, —
און אים פאַרוויגט אין רו־געפינענדן אֵין־סוף.

9

— און אָט האָט אָפּגעקנאַלט
מיט טויזנט דונערן אין בלוי;
ווי ווולקאַנען וואָלטן אויפגעקאָכט
און אויסגעשפּיגן קנוילן רויך.

קאַנאָנען האָבן אויפגעשאַלט
און אָפּגעקלונגען וויַט.
פרימאָרגנדיקע בערג
און בלויען האָריזאָנט
אין בײַטשן רויכיקע צעשניטן,
און רויטע שלאַנגען ציטערן
אין עטערדיקן זיַד.

און אין זיַין נאָרע־היים,
אין עפּענונג פון בוים,
פאַרוואָקסענעם מיט מאָכן,
איז דע־טאָררעס קריק אַרײַנגעקראָכן;
ווי אַ רעגן־וואָרעם
זיך צונויפגעקנוידערט —
און געשוידערט.

ליגט ער אַ פאַרשלאָסענער,
פאַרמאַכטער,
און טראַכטונגען טראַכט ער
פון מענטשנקינד
אויף חכמה־שאַרפשטיינער
און פרווו
נאָך נישט געשליפענעם, —
אין אומבאַגרייפלעכער נאַטור.

— ווי גרויס עס איז די שפּור
פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד

בשעת איין באַוועג פון האַנט
און איין קאַנאָנען־שאַל
איז חל
אויף ווילנלאָזע טויזנטער
פאַרוואָרלאָזטע ווי שאָף.

— און פאַר וואָס איז זי די שטראָף
פון מענטש מיט לויטערן פאַרנונפט
פאַר מענטש דעם מינדערזיניקן,
וואָס קען די דרכים נישט געניג,
פון פאַלשקייט און באַטרוג ?...

— און מענטש באַוואָפנטער פאַר וואָס
דאַרף שטיינער קנעטן אָנגעזאַמלטע רציחה
אין קאָפּ פון אומבאַוואָפנטן צו וואַרפן ;
און שׂינאה־מעסערס שאַרפן
אויף האַלדז פון אומבאַהאָלפענעם,
וואָס אומבאַשיצטע לאָם איז ?...

און שוין־זשע נאָר די טרער באַלזאַם איז
פאַר וווּנדנדיקער זעל ?...

— און אויב ד ו, — די אומרעכטן דו זעסט,
געקרעכץ פו וויי דו הערסט —
און שוויַיגסט ? — טאָ ווו איז זי, די שוועל,
וואָס זאָל אָפּשטעלן דאָס שלעכטס ?
ווען דער צדיק שטרויכלט,
זוכנדיק דאָס גוטס,
און פון גערעכטיקייט אַנטרינט
אָט דער וואָס טובלט זיך אין זינד ?...

און האַרץ פון וועלט איז קיזלשטיין !

ואף־על־פּי־כן —
אין יעדער זאַך דער שטומער
אויף דער ערד,
פֿאַראַנען איז אַ ליכט אַזאַ,
וואָס לעשט זיך אויס, —
טאָ זײַ־זשע דו —
געבוירענער פון מוטערס שויס
די פּרווועמישן ווערט,
אַז זײַן באַשטענדיק זאָלסטו
מוכן ומזומן
די שטראָף, —
פֿאַרדינטע שטראָף באַקומען!

און אין דערוואַרטעניש
הכנעהדיקערהייט
זײַן גרייט
צו ווערן נאָך נתעלה...
וואָרעם נאָר דער רצון איז אַ סקאַלע,
וואָס בײַשטיין קען ער אַלע
שטרויכלונגען — אין גאַנג צו דער השלמה.
און בעת גײַסטיקע גאַלאָפּן
און אויסטערלישן העלזען,
איז ער דער כסדרדיקער טראָפּן
אויף אַ פעלדזן. —
דער זין פון פלי־געפלאַטער פון נשמה.

דערנאָך האָט שווער געדאַנק דע־טאָררעסעס
גענעפלט זיך וואָס מער בײַם אָנקומען פון נאַכט.
ביז עס האָט די חושכניש דעם דורכלויכט איינציקן
צום ווילדן אַלץ נאָך וואַכנדיקן וואַלד פֿאַרמאַכט.

## 10

— ...ווער האָט רו פון דורות דאָ
צערודערט און צעשטערט? —
פויגלען פון די נעסטן דאָ
צעטריבן און פאַריאָגט?...

פאַרשטייט נישט מענטש
דעם רעטעניש
פון קומענדיקן טאָג.

רעפטיל און מענטש
דאָ שאַרן זיך
אין שפּאַלטן פון די בערג;

קינד־און קייט
אין ווילדערניש
ווי טשערעדעס פון פי.

די נײַע מענטשן מערן זיך
מיט האַק און פּאַק און קינד.
און ווו זיי קערן זיך
גייט אַדורך אַ ווינט.

## ווינטן אין האַפן...

1

פ יַי ע ר ל ע ך פון שאָטנדיקער זיפּ פון נאַכט
פליִען ווי די פליגן אום,
און זאָגן אָן דעם ברעג:
נײַע און נײַע שיפן קומען אָן.

שווימען, שווימען־צו די פײַערלעך
אַלץ נענטער צו די בערג,
שיפן שיפען קלאַפּנדיק
און שאַרן, שאַרן, שאַרן זיך
זיך שלעפּנדיק צום ברעג,
און בינדן, בינדן,
בינדן זיך
צו ברעגן פעלדזיקע
פון נײַער וועלט.

2

אויף די שיפן בײַ דעם באָרטן
ערשט פּאַראַנקערטע
וואַרטן שוין די נײַע אײַנוווינער
פון אויסטערלישער וועלט:
גלוסטנדיקע, גאַרנדיקע,
אויסגעהונגערטע און דאָרשטיקע
נאָך זעט, נאָך רו,
נאָך היים
אין אויסגעחלומט לאַנד.

מענטשן אויסגעריסענע
פון וואָרצלדיקער ערד,
זיך איַינצופלאַנצן פון דאָס ניַי,
ווי ביימער אויף אַ פרעמדן שטיקל באָדן:
האַנטווערקער און אַרטעזאַנער,
מויערער און פּיצוכטלער,
שטילע פּאַסטעכער
פון פלאַכן לאַנד
און קוילנגרעבער פון די בערג;
ריַיטיעגער מיט יאָגהינט
און מיט פערד
און מענטשן־היילער
מיט רפואות אָנגעברייט,
פּאָטערס הייליקע
מיט ניַיעם טעסטאַמענט
און קאַטעכיזיסן
מיט פּאַרמעטענע טאָוולען. —

און צווישן דעם זיך דרענגענדן המון,
מיט סידורימלעך
און פּסאַלמען אין העברעיִש,
און מיט צלמים אויף די בריסט —
די קינדער פון ישׂראל, —
ניַיגלויביקע אין אויסדערוויילטן זון
פון אֵל־צבאות.
זיי האָרבען זיך אין דורותדיקן בראָך
און זוכן רויִקייט
און שוץ פון פיַיערן
אין ניַיעם גאָטגעבענטשטן לאַנד.

די ענטלעך פלאַטערן ביַים ברעג
און ווינטלעך לאַסטשען זיך,

און זון — זי גלעט די דאַרע פּנימער
מיט צערטלעכקייט,
מיט אורוואַלד שמעקט
און מיט ערשט געקאָשעט היי
פון קאַטאַלאָניע,
און מיט רײַפנדיקע פרוכט פון אַראַגאָן. —
שאָטנס פאַר די גופים מידע
שפּרייטן אויס די בוימער די פּילצווײַגיקע,
און טײַכן פליסן רוישיקע,
ווי עס וואָלט דער עבראָ־שטראָם
דער לויפיקער
גערופן קריק אַהיים.

נאָר מוטער־וואָרצלדיקע ערד די פעטע
מיט בלוט און בלומען בליט. —
און ס׳גייט אויף אַ נײַע פלאָנטערדיקע פלאַנץ,
וואָס דרייט אַרום די טריט
פון פרעמדע גייער דאָ, —
און ס׳איז איר נאָמען האַס.

האַס רעדט שפּראַך פון וואַלד, —
די קופּער־שווערע שפּראַך,
און האַס רעדט ווייך און צאַרט,
מיט בלענדנדיקן וואָרט,
און ליבשאַפט שטומע שווײַגט,
בעת שׂינאה שרײַט און לאַכט.

3

פאַרטאַיעט אין די בערג,
מיט ווונדן נישט פאַרהיילטע
פון ערשטן ברודערקאַמף
אויף אומבאַרירטער ערד,

באַוואַכטער וואַכט דער קעניג עלטסטער
פונעם אינדזל,
קאַסיקע נישט באַזיגטער:
גואַקאַנאַגאַרי.

און ווי נאָר צוגעשווומען
זענען שיפן צו דעם ברעג,
מיט פאַטשנדיקער פרייד,
ווי שלאַקסרעגן אין וואַלד,
און מיט פליגלרויש פון רויבפייגל
אַריבער קערנער־קלייבנדיקע טויבן —
געשיקט האָט פון באַהעלטעניש
דער גיבור פון גיבורים,
פיילאונבויגנדיקע שלוחים
צו קאָלומבוסן דעם האַר,
זיי זאָלן פרידן טראָגן אים
מיט צייכנס פון געשאַנק
און טרויער־בשׂורה ברענגען
פון פאַרשניטענע אין שלאַכט.

קאָלומבוס האָט באַגעגנט
די שליחים פון קאַסיקע
מיט די ווונדער פון זײַן מאַכט:
אומבאַגרייפלעך שוידערלעכע קראַכן
פון קאַנאָנען.
די חיות זעלטזאַמע געוויזן זיי
פון אַלטער וועלט, —
די כריוקנדע חזירים
און די מוילאייזלען,
די פערד
מיט צוימען מעשענע
און טראָלדן, —

די רײַטער אָנגעגורט
מיט בלישטשענדן כּלי־זיין
אַרומגעריטן האָבן בײַ דעם ברעג.

נידעריק געבוקט זיך האָבן
די שלוחים ברוינע פון קאַסיקע
פֿאַר גאָטס וווּנדער
פון די קינדער ווײַסע פונעם הימל.
און אין פרײַנדשאַפט
פרידן־צייכן
גאָלד געשאָנקען זיי
און פערל,
נאָזבענדער און רינגען,
גינגאָלדזאַמד
און לאַווע־שטיינערנע פיגורן.

— „קראַנק איז דער גיבור
גוואַקאַנאַגאַרי,
מיט יאַטרענדיקע ווונדן
פון די פײַלן פון קאַריבער."
און ס'איז דער ווילן געטלעכער געווען,
אַז פרײַנדשאַפטבונד
פון קנעכט־געהאָרכזאַמען
קאַסיקע
און קאָלומבוסן דעם האַר,
פֿאַרזיגלען זאָל דאָס בלוט
פון קינדער הימלשע
אין אויסגעמיש
מיט שקלאַפנבלוט. — —

און געבעטן האָבן די שלוחים,
אַז ער אַליין, דער האַר

קאָלאָן,
באַזוכן זאָל דעם חולה —
דעם געפּייניקטן אין צער,
וואָס אין ליבשאַפט
אומבאַפלעקטער
גאַרט
די פריינדשאַפט פון די ווייסע.

4

דורך שטעגן צווייגיקע פון וואַלד,
געאײַלט האָט קאָלאָן
מיט זיין סוויטע —
געפּאַנצערטע ריטער,
געווער־טרעגער אויף מוראדיקע פערד ;
די גייסטלעכע, —
פּאַרטרויונגס־היטער
פון גאָטס געבאָט
אויף נייער ערד
און קעניגס גיטער.

סכּנהדיקן וועג אין שרעק
געשניטן, —
אַוווּ אין פריינדשאַפט
גאַרנדיקער וואַרט
— מיט בראָנדזיקע גיבורים
דער קאַסיקע.

דער קעניג
פונעם אינדזל,
גואַקאַגאַנאַרי
האָט געפילן זיינע די צעשאָטענע
אין אַ פּויסט

צונויפגעקנאָטן,
און מיט אויגן — שטיקער גלאָז
באַרעגנטע מיט טרערן,
קאָלאָנען אָנבאַגעגנט
מיט זײַן סוויטע.

ער האָט די ווונדן זײַנע
אויפגעדעקט
און ביטער־וויינענדיק
דערציילט
פון אומגליק גרויסן,
וואָס נקמה־צאָרנדיקע געטער
געשיקט האָבן
אויף קינדער ווײַסע פון דער זון.
און וועגן שלאַכט דער בלוטיקער
האָט ער פּרטימדיק
דערציילט —
די שלאַכט וואָס האָט געדויערט
טעג און נעכט,
און וועגן גוטסקייט זײַנער אומגעהויער,
און טרײַהייט אייביקער,
און זײַן אָנגעברייטקייט
פאַר אַ קנעכט
צו בלײַבן
ביז לעצטן אָטעמצוג.
און ווי ער,
און די פּריסטער פון זײַן שבט,
און די חרטומים,
און די זקנים —
געטאָן האָבן
די געטער צאָרנדיקע בעטן,
אַז אָפּטאָן זאָלן זיי

מחשבות רעות
פון קאַריבער,
וואָס פון אינדזלען אַנדערע
געקומען זענען
צו פאַרטיליקן
די קינדער ווײַסע פון דער זון.

און ווען די געטער האָבן
רוגזה זאָטיקע נישט אײַנגעשטילט,
און תּפילות נישט באַוויליקט, —
זענען אין די הונדערטער
געפאַלן די קאַריבער
דורך הענט פון קריגער זײַנע,
און די פײַלן גיפטיקע
פון פיילן־וואַרפער
פאַריאָגט האָבן
די שלאַנגען־באָאַס
און געדיכטקייטן פון וואַלד.

נאָר די ריזן קריגערשע קאַריבער
מיט בלוט נאָך נישט געזעטיקטע, —
צוריק זענען דורך שטעגן בלינדע
פונעם וואַלד זיך אָנגעלאָפן:
מיט שאַלונג־יובל,
און מיט כּעס געלאָקערטן
אויף ווײַסע,
אין אַש פון פעסטונג חרובער
זיי אויסגעשאָכטן
ווי די לעמער,
דעם שלל פון רויב צעטיילט,
און אין חשכות נאַכטיקער
אַנטרונען

אין קאַנאָעס צוגעגרייטע
ביַי די ברעגן.

און ס׳האָבן די געטער
מיט שטערבלעכע ווונדן
געשלאָגן זיַין שבט,
וואָס האָט זיך געראַנגלט אוממעכטיק
אין שוץ פון די וויַיסע,
און ער איז פאַרבלוטיקט געלעגן
אָן היילונג,
זיַין בלוט האָט גערונען
מיט בלוט פון דעראָבערער
ערשטע באַזיגטע.

ניַיערט די שׂונאים
פון געטלעכע קינדער
נישט האָבן געבראָכן זיַין רצון
צו לעבן,
און ער איז פאַרבליבן
אַן עדות
פון בלוטיקן שלאַכט דאָ,
אַז טאָן זאָל ער קענען
די וווּנדער דערציילן
פאַר וואַנדערער וויַיסע,
וואָס קומען געטריבענע ווידער
פון שטורמישע ימען אַהערצו
אין רויִקן האַפן
די שפּורן פון ברידער פאַרלענדטע
געפינען.

און ווי אַ חיה וואָיענדיק
אין ווייטיק איַינגעדרייט,

האָט ער די וווּנדן זײַנע
אויף מאַלפּע־ברוסט דער האָריקער,
און אויף פּוס פאַרשוואָלענער געגלעט, —
סימנים פון זײַן איבערגעבנהייט
און טרײַהייט קנעכטישער צום האַר.

נײַערט די גלחים, —
פאַרטרויונגס־לײַט
פון קעניג דאָן פערנאַנד
און דאָניאַ איזאַבעל,
אין אומצוטרוי
און פאָרגעפילן בייזע,
פאַרטרויט האָבן קאָלאָנען
די אָימה זייערע
פאַר פײַנדלעכער אַרומרינגלונג
אין צעלטן פון קאַסיקע.

און ס'האָבן ריטער
די געפאַנצערטע
אויף מוראדיקע פערד
אין פאָרזיכט אומגעקרײַזט
די צעלטן פאַלמיקע,
און אויפגעציטערט
שרעקלעך שלומערדיקן חלל
פונעם וואַלד
מיט ביקסן־שיסערײַ, —
אין צייכן מאַכטיקן
פון טרײַהייטבונד פאַרשניטענעם
מיט גואַקאַנאַגאַרי.

און ווי מע שיידט זיך
מיט אַ מת,

האָט אָפּגעשיידט זיך
די קאָלומבוס־עקספּעדיציע
פון קאַסיקע. — —

5
אין שוואַרצע אָרעמס פון געוויטער
האָט דער אינדזל זיך געוואָרפן,
ווי געשמיסן וואָלט מיט ריטער. —
ס'איז קאָלאָן נישט איינגעשלאָפן.

אַ פלעדערמויז — אַ רעיון —
איז פּלוצעם דורכגעפלויגן:
דו האָסט אַן אויסוואַל פרייַען
און ווייסט נישט וואָס צו קלויבן:
צי די קרוין פון וויצע־קעניג
צי די זעונגען פון טרוימער,
אָדער צייַט זייַ אונטערטעניק, —
אָדער לעב אין רוימען. — —

נאָר ווי, אויף וואָסער אופן
דאָס גלייַכגעוויכט געפינען? —
געדאַנקען שנעלע לויפן
און שנעלער נאָך צערינען.
— איז ווילסטו בלייַבן מן הצד, —
טאָ לעב אין חלום ווייַטן!
טאָמער ביסטו מאַן פון טאַט, —
טאָ זייַ אויך מאַן פון שטרייַטן!

פון די שטרייַטיקייטן — צויטן,
פוןווירקלעכקייט — די פּרטים.
נאָר ס'לעשן זיך די קנויטן
פון ברענענדיקן אָטעם. — —

און ס׳לעבט אין דיר פּאַרטאַיעט
אַן אומצוטרוי און גליט:
דער שׂונא צינדט דעם פֿײַער, —
דער פֿרײַנד פֿאַרלעשט אים ניט.

טאָ וווּ איז דאָ די סיבה
פֿון אומצוטרוי אַזאַ מין? —
ווער גראָבט די שׂינאה־גריבער
און ווער צינדט אָן די פֿלאַמען? —
און אפשר איז פֿאַרברענטער
די סיבה פֿונעם פֿײַער? —

האָט ער נישט קיין ענטפֿער
פֿאַר ברענענדיקן רעיון. — —

6

כּעלות, נאָך שלאָפֿלאָזע נעכט,
געשיקט האָט קאָלומבוס צום עלטסטן פֿון אינדזל,
פֿאַרוווּנדעטן קאַסיקע, אַ מתּנה:
קייטן אײַזערנע —
אים אָנצוטאָן אויף האַלדז און הענט.
נאָר די עמיסאַרן, צוריקגעקערטע פֿון דער שליחות,
געבראַכט האָבן קאָלומבוסן דעם האַר
קיין שפּורן מער פֿון גואַקאַנאַגאַרי:
דער קאַסיקע פֿונעם אינדזל,
מיט צענדליקער גיבורים בײַ דער זײַט,
איז דאָרטן מער קיין תּושב נישט געווען,
נײַערט אין די בערג האָט ער געוואַנדלט,
געבאָברעט זיך אין היילן, זוכנדיק אַ מקלט,
בכדי נישט נאָך אַ מאָל באַגעגענען דעם שליח הימלשן,
און נישט באַדאַרפֿן פּויסטן קנעטן

פון די קאָכיקע געפּילן זײַנע
אָפּצושלאָגן מאָנענדיקע טענות. — —

דער האַר פון ימען און יבשות,
דער וויצע־קעניג פון קאַסטיליער קרוין,
דעמאָלט ערשט באַנומען האָט
פּאַר צוטרוי מענטשלעכן — דעם לוין,
און איבערגעבנהייט אינדיאַנערשע
באַגריפן ביזקל מאַרכנביין;
מיט חושים אַלע קלאָר דערשפּירט
אַז אויכעט דאָ, אויף נײַער ערד,
איז ער אַליין.

*7*

און אין קיינעמס ימען
שווימען ווידער שיפן.
נאָר ערגעץ פאַלן שטאַמען
און ערגעץ וואַקסן ריפן.
עס זאָל זײַן קאַראַבעל נאָר
נישט אָנטרעפן קיין זאַמדן!...
אויפן אינדזל שטייען זעלנער,
בײַם רודער שטייט ה ע ר נ אַ נ ד אָ.
און בײַם שיפן־רודער, —
קאָלומבוס וואַכט און פיבערט.
און ס׳גייט די מאַכט פון ברודער
צום צווייטן ברודער איבער.

נײַע אינדזלען שווימען
באַגעגענען קאָלאָנען.
נאָר ווי פון אָפּגרונט — שטימען
קומען אָן און מאָנען.

וואָס ווילן זיי, די שטימען,
פונעם וועלט־אַנטדעקער?
נאָר שטימען נעמען גרימען,
פאַרוואַנדלען זיך אין גלעקער:

גלעקער פון יבשות
אויף ימען יאָגן נאָך אים.
עס גייען דורך חדשים,
און די ימען־שטחים
שפרייטן זיך אַלץ ווײַטער,
אינדזלען מער און מערער,
גאָלד און פערל, קרײַטער
און אַ ים פון טרערן. — —

און די כוואַליעס־טרערן
קאָלומבוס־שיף — זיי שלאָגן.
עס בלײַכט דער מאָרגנשטערן
ערב אָנהייב טאָגן. —

טרײַבט ער קריק די שיף שוין,
צו ברעגן גיכער קומען.
נאָר ים האָט זיך צעוויגט שוין
און די כוואַליעס ברומען.
ער קאָן די שפּראַך פון שטורעם
און וואַסער־יעראָגליפן.
שווימט ער דורך יסורים,
צו ברעגן ברענגט די שיפן.

8

ברעגן, ברעגן, שטיינער.
נײַע, נײַע, ראַנדן.

און יעדער ברעג ווי אים אַליין נאָר
וואָלט גערופן דאָ צו לאַנדן. —

— נײַע ראַנדן? — מכּמה יאָרן
ווימלט מענטש דאָ, בליִען בלומען,
וואַקסן גראָזן, דאַרבט דער דאָרן!...
— און ער פון וואַנען איז געקומען?

דאָ און דאָרטן — וועלט איז איינע —
מענטש און חיה, פלאַנץ און וואָרעם,
און שטראָם פון מענטשלעכע געוויינען
אויך אין מידבר גראָבט אויס קברים.

— ווּ זענען לענדער די געזוכטע?
די אויסגעבענקטע און געגאַרטע?
אָט וואַרט זײַן שיף אין בוכטע
פון קיינעם נישט געוואַרטע.

ווייסט קאָלאָן נישט ווּ זיך ווענדן,
ווײַטער ווּ אַ טראָט צו שטעלן,
און ער זעט אין אַלע ענדן:
שוועלן, שוועלן, שוועלן.

9
פון אינדזל צו אינדזל
דורך ימיקע מײַלן,
די שיף פון קאָלאָנען. —
אינדיאַנערשע פײַלן
צערײַסן די פאָנען
פון האַרץ פון קאַסטיליע.
ממונה פון קעניג
די גאַנצע פלאָטיליע

טוט מאָנען:
„צוריקקער, צוריקקער!"
— נאָר פלאַם פון קאַנאָנען
צעטרײַבן די קריגער. —

שאַקאַלן נאָך פלוכן
אין רויט פון קאַיאָרן,
ווען ס'לאָזן זיך זוכן
מיט זיגערשן צאָרן
די גאָלדזוכער — גאָלד,
נאָר גאָט פון אינדיאַנער
די גאָלדזוכער צאָלט:

מיט רעגן פון שטיינער,
מיט פײַלן און שפּיזן, —
קאָלומבוס נאָר איינער
אין קאַמף מיט די ריזן
פון אוראַלטער וועלט
פאַרבליבן איז מוטיק,
ער שיקט און באַפעלט,
כאָטש האַרץ בײַ אים בלוטיקט:
די נאַקעטע בינדן,
וואָס האָבן געווערט זיך,
זיי שיקן אַלס צינזן
און מאַכן פאַר קנעכט זיי. — —

## די שקלאַפנשיף

1

ווען ערשטע שיף מיט קנעכט
האָט ים־שוים זאַלציקן געשניטן,
האָבן אַלע כּוחות בלינדע,
וואָס געשלומערט האָבן
יאָרן טויזנטער
אויף גרונטן פונעם ים
זיך אויפגעבונדן
און דעם וועג געזוכט
אויף פריַי.

דער מאַסטבוים,
מיט אַ פינגער שרעקענדיק,
פאַרשפּיצט,
געוואָרנט האָט מיט אונטערגאַנג.
אויף ביינער נאַקעטע —
די זעגלען שוין צעריסענע,
און ס'האָט דער קאָמפּאַס
דער צעשראָקענער
פון אַלמיראַנט
נישט געוויזן מער
די ריכטונג
פון דער שיף.

אין ווייטיק אין שטומען
פון שקלאַפן,
דורך וויינטיקן וואָיען,
די שיף מיט דער נאָז
האָט די טיפן פון שטורעם

גערײַעט,
געצויגן וואָס נענטער
צום ברעג פון יבשה,
ווו שטורעם זיך וויגט
אין נשמות פון מענטשן
פֿאַראורטײלט צו בלײַבן,
ווי היימישע חיות,
הכנעהדיקע קנעכט. —

2

...טראָגט אום קאָלומבוס
אַ שטילקייט אין האַרצן,
אַ טורעם אָן טירן
און טויער.
פון טורעם עס שטאַרצן
אַרויסעט געוויקסן
האָפנונג־געוויקסן —
באַצירן
זײַן טרויער.

שווערדן זיך שאַרפן
אין שטילקייט פון טורעם.
און ווינטן צעוואַרפן
די זריעה פון שטורעם.

זריעה פון שטורעם,
צעוואַקסט און צעבליט,
שטילקייט פון טורעם
יערט און צעגליט.

אין קייט פון יסורים
קאָלומבוס געמיט...

## נײַ־טאָלעדאָ

1

ייִשוב וואַקסט.
מויערן, פלויטן,
פענצטער מיט גראַטן,
פּאָרטאַלן.
פון פּלאַטשיקע דעכער
די רערן די לאַנגע
קוקן אַרויס פון די ווינקלען,
ווי העלפאַנטן־נעזער,
מיט אָפענע שנוקן,
גרייטע צום שלונג.

אַ נסתּר גייט אום צווישן גאַסן,
דע־טאָררעס :
דורך ליקן דורך קרומע
פון ערשט דאָ געבוירענע שטאָט
פון נײַ־שפּאַניע,
גייט אום אַ פּאַרגאַפטער ;
באַטאַפּט און באַטראַכט
די אָקערשט געשמירטע פּאָרטאַלן,
איינשטאָקיקע הײַזער.
אין איטלעכער גראַטע
פון פענצטערל יעדן
דערקענט ער טאָלעדאָ, —
ס׳זאָל פעלן אַ טראָפּן !

תּולדות־טאָלעדאָ :
ייִדן־שטאַם אין שפּאַניע

זײַט צענדליקער געשלעכטן
געבוירן־שטאָט פֿון זײַנע זיידעס,
דורות־עדות
פֿונעם אויפֿקום און געפֿעכטן
פֿון איבערישער מדינה,
די קרוין איז
פֿון גאונות
ייִדישער און בינה;
מיט שׂינאה־פֿליגל
פֿאָכט אַהער אין לאַנד אין אַנדערן,
און ס׳גייט די שׂינאה נאָך
אַ יעדן ייִדן־וואַנדערער
מיט צוקנדיקע
צונגען־פֿײַער:
אַזוי אין אַלטער וועלט,
אַזוי אין נײַער. — —

„...ווי לאַנג וועט דער פּרינץ זײַן געפּײַניקט?
ער וואַנדערט לאַנד אײַן און לאַנד אויס. —
און טאָכטער פֿאַרשייטע פֿון אדום
רוט גליקלעך בײַ גאָט אין זײַן שויס...״
וויקלט דע טאָררעס די פֿעדעם
פֿון אַלטן, פֿאַרבלוטיקטן קנויל.
— חדש ימינו כקדם —
און רו גיב דעם פּרינץ פֿון ישׂראל!...

הלוי — פּאָעט, פֿון זײַן וויגשטאָט! —
דע־טאָררעס דערמאָנט זײַן געזאַנג:
„...איז ווי זאָל איך האַלטן מײַן צוזאָג
און גיין נאָך מײַן האַרצנס פֿאַרלאַנג? —
ס׳איז ציון אין גלות בײַ אדום
און איך — אין דער מורישער צוואַנג!...״

...נאָר אָט אָ דערהערט ער
אין נאַכט־שעה
די שפּאַנישער וועכטער
אויף וואַך דאָ, —
רײַטער אויף האַסטיקע פערד.
מיט שווערדלעך מיט ראָסטיקע קלינגען,
באַהיטן דעם שלאָף פון באַצווינגער
אויף נײַער
באַצוווּנגענער ערד.

וווּנדערלעך בלוי
אין די ווײַטן
שפּרייט זיך אומענדלעך גאָטס וועלט.
אין שלומער אין שווערן
פאַרזינקען אינדיאַנער
אין פינצטערע מײַלער
פון בערג. — —

2
און אין זײַן נאָרע־היים געהיימער —
תּמיד דאָ מיט אים פאַראַנענע
קולות נישט פאַרשטאַנענע,
קולות נישט דערהערטע.
און גאָר די ערד דאָ
שרײַט אין אֵימה
פון בלוט אַזוי פיל,
וואָס מערדערהאַנט איז כּופל.

— פאַרוואָר, זײַן האַרץ זיך קאָרטשעט —
אַן אָדלער אין אַ שטײַג !...
— „ווי גרויס עס איז דער וואָרצל,
גרויס אַזוי דער צווײַג !..."

גאָט־לעסטערונג דערנידערט
צום פלאַכלאַנד פון די פּראים.
נאָר ס׳דורכזיכטיקט די גלידער
דערהויבנקייט פון טרוים.

3

אין נאַכט — אַן עכאָ ווײַטער,
גאַלאָפּ פון ווײַסע רײַטער, —
שווערדן אַנטבלויזטע און שפּיזן.
נאָר בראָנדזענע מענער — ריזן,
מיט שטאָלענע לײַבער — שוועלן —
דעם וועג די רײַטער פאַרשטעלן.

און איידער טריט פון רײַטער
הילכן אָפּ אין ווײַטן, —
קלינגען קינדערכאָרן
שטיפעריש־פאַרשײַטע: —
אויף די בערג
אין די טאָלן
שטייען די שפּאַניאָלן,
בײַטשן לאַנגע טראָגן זיי
קינד־און־קייט שלאָגן זיי,
אַלעמען פאַרטרײַבן, —
אַליין דאָ צו פאַרבלײַבן.

און מענער — יונג און אַלטע,
מיט פּנימער פאַרברוינטע,
רודפים שוין געוווינטע,
שאַלטעווען צעשטראַלטע:
שוטרס ווילן
אויסצופילן
אַרײַנצושפּילן
אין די הענט אים.

און ווער עס האָט אַ ווידערווילן
נעמט אים און פאַרברענט אים.

4

פאַר מענטש וואָס וויַטער פון זײַן אויג
האָט נישט דערגרייכט,
און האָריזאָנטן־לימיט נישט אַריבער —
איז מענטש פון וויַטקייטן געווען דעריבער:
צייכן און אַ רמז —
און יעדער שמץ
פון זײַן טוונג איז געווען פאַר אים
אַ שטים
פון פריסטער
און דערלייזער.

און איצט אין שעה אין וויסטער,
איז מענטש פון הימלען בלויע,
וואָס דערשײַנען פלעגט מיט וואָיען
פון אַ חיה בייזער, —
געווען די שרעק פון פײַנען,
און אויג דאָס בלינדע
פונעם פעלדזנגאָט דעם שטומען,
וואָס גוזר
איז ער שטורעם
און מהומה.

און צווישן שטורעם־גוזר
און מקבל פון די גזרן,
איז דנאָלאָזער און טיפער אַלץ געוואָרן
תּהום פון צער און צאָרן, —
וועג פון שקלאַף צו האַרן.

## פלאַמיקע הימלען

1

מיט בלוט האָט געטריפט
דער מזרח־הימלבויג,
און טאָררעס האָט געזען
דורך נעפל פון זײַן אויג:
מאַנסבילן פאַרוואָקסענע,
און פרויען — דאַר און קוואַר,
ביז די קנעכלעך שטייען זיי
אין וואַסערפלוס,
און מיט הענט צעשפּאָלטענע
זיי שאַרן פונעם גרונט אַרויס
די זעמדלעך גאָלד,
און שיטן עס
נישט אָפּגעטיילט פון קויט
אין אויסגעהוילטע עמערלעך
פון האָלץ.

און זע,
אָט זענען זיי: השגחה־פאָרשטייער
אין אומבאַוווּסטער וועלט,
מיט בײַטשן אין די הענט
און שווערדלעך אויפן דיך,
זיי טרײַבן אָן די קנעכט
און נעמען צו דאָס רויב.

און ס'האָט דורך טויזנטיאָריקן טומאַן
זיך אויסגעשיילט דאָס בילד,

ווי משה האָט דעם גוף פאַרלאָשענעם
פון מצרי־יונג פאַרשאַרט אין זאַמד. — —

אָ, אומבאַרירטע, ווונדיקע ערד,
אויף פּײַניקונגען גרייט
אין שפע שווילנדיקע לאַנד!
קיינער נישט באַרירן וועט
דײַן אינגעווייד,
ביז עס וועט נישט בלוטיקן
זײַן האַנט...

...לויפן אינדיאַנער און פאַלן,
ווי מאַטע, פאַרוווּנדעטע הערשן,
אין בראַנדיקן ווייטיק און צער.
נישטאָ נאָך די האַנט זאָל באַהערשן
דעם צאָרן פון שקלאַפן צום האַר. — —

מיט ווײַלאַמענט און קלאָג
הייבט זיך אָן דער טאָג,
און ענדיקט זיך מיט דעם.
אַ פאָלק אין קלעם,
אין פּײַניקונג, אין שרעקן.
נישטאָ איז ווער ס'זאָל וועקן
אײַנגעשלאָפענעם געפיל
פון אונטערדריקער,
וואָס שיכּור
איז
פון גײַציקייט
און גיר.

און נישטאָ איז ווער —
צום אויבערהאַר זאָל עפענען אַ טיר.

2

די גאַנצע מאַכט
און שליטה
איבער גאָלדזוכער און קנעכט,
און אַלע רעכט
פון „לאַס אינדיאַס".
געהערט דער קעניגלעכער סוויטע
פון קאַלאָן.
און בײַם רודער פון ווירײַ,
זײַן מאַיעסטעט,
שטייען אויך די ברידער זײַנע צוויי
און זײַן זון  ד י ע ג אָ,
וואָס נאָך גאָר אַ קינד איז.

מאַכט און הערשאַפט
אָן אַ גבול איז.
געזעץ — אָן גדר.
זײַן שטול איז
אויסגעשניצט פון צעדער,
און די הערבן פון קאַסטיליע און לעאָן —
פון לויטער גאָלד.
די ווענט באַמאָלט
מט צלמים און מיט מאַפּעס, —
דער קאַסטיליער לייב,
מיט די גרויסע לאַפּעס,
נעמט אַרום דאָס קעניגלעך געשטעל
פון דעם געוועלטיקער פון נײַער וועלט.

3

ערב־זונפאַרגאַנג. —
קלינגט דער קירכן־גלאָק
בײַם סוף פון טאָג

מיט הייזעריקן קלאַנג
און רופט צו מעסע פון פאַר נאַכט.

די פעסטונג „נאַווידאַד"
ווערט צוגעמאַכט
אויף זיבן שלעסער
באַלד נאָך אונטערגיין פון זון.
און דערפון
איז נאָך דער פחד גרעסער
ביים אויבערהאַר קאָלאָן.
ער שפירט זיין נע־ונד
און סומנעקייט צו זיין אַליין
אין שפעטער אָוונט־שעה.
זיין קעניגלעכער טראָן,
זיך וואַקלט ווי אַ שיף
ביים אונטערגיין,
און עפעס שרעקט.
ער זוכט
און פרעגט:
„וואָס טו איך דאָ
אויף דער יבשה
האַלבע נאַכט?..."
און קיין ענטפער נישט דערוואַרט,
מיט פאָרגעפילן פול, און שרעק,
פאַלט ער אויפן שטול אַוועק,
און וואַכט
ביז סוף פון נאַכט. — —

4

און ווידער גייט אין פרי־פרימאָרגן
אום — פון נייעם לאַנד דער הערשער.
און זיין קאָפּ איז פול מיט זאָרגן,

און אומעטום איז ער דער ערשטער.
בליט זײַן לאַנד מיט גרינע זאַנגען,
פֿאַר אים צו בוקן זיך און בויגן.
בינדן הענט פֿון זאַנגען — גאַרבן,
און זיי בערגלען זיך אין סטויגן.

סטויגן תּבֿואה אויף די פֿעלדער,
טײַכן שנײַדן באַרג און לאַנען.
פֿרישע טרויבן אין די קעלטערס,
זודיק גאָלד אין פֿײַערפֿאַנען,
און די שקלאַפֿנהענט זיך הויבן,
נאַקנס — קופּער, בראָנדז — די לײַבער,
גרודעס ערד און גאָלד נאָר שטויבן,
און פֿון אײַזן — רויט פֿון טרײַבער. —

אונטערטרײַבער שמײַסט מיט ריטער
סווישטשעט בײַטש, טרומייטערס שאַלן,
— נאָר נישט ע ר איז דאָ דער היטער
פֿונעם גאָלד און אוצרות אַלע! —
ער — דער האַר אין לאַנד אין ווילדן,
פֿון מיליאָנען אונטערטאַנען!...
פֿעסטער נאָך פֿון פֿאַנצערשילדן
איז די פֿעסטונג פֿון ר אָ ל ד אַ נ ע ן.

און דער צו פּראַצע אַ געווינטער,
און צו שוויס און האָרעוואַניע —
איז דאָ הײַנט אַ האַר געקרוינטער,
אַ וויצע־קעניג פֿון נײַ־שפּאַניע!...
און ער — קאָלאָן — פֿון גאָט געשיקטער,
צו פֿאַרפֿלאַנצן ע ר ש ט ן ו ו אָ ר ט דאָ,
איז אַליין ווי אַ פֿאַרשיקטער —
איז געפֿאַנגען, האָט קיין אָרט דאָ!

און אפשר גאָר אין לאַנד פון שפע,
ווו די זון, ווי גאָלד, איז בלענדיק,
האָט געשיקט אים דער באַשעפער
אויסצופירן דאָ זײַן װענדונג —
און גאָט באַגערט, אַז וועג פון רשע
אויך מיט גוטסקייט זאָל באַגלייט זײַן?
— נאָר אונטער אָפּפערונג־הלבשה
קאָן די טוונג אַ ל ץ נאָך פרײַ זײַן!...

אונטער טאָגע פון געזאַלבטן
גייט קאָלאָן אום אַ צעהאַלבטער, —
וועג צו גאָט איז א ו י ך באַזונדער!...
און ער האָט קיין זאַלב נישט פאַר די וווּנדן.

5
און צווישן הערשאַפט קאָלאָמבינער
און דער קאַסטע פון ראָלדאַנען,
האָבן סתּירהדיקע פלאַנטערס,
אין געוועב פון אונטערטאַנען,
אויפן זיגוועג פונעם שוטר,
אויסגעפלאָכטן בלינדע וואָלקנס,
כאָטש די זון געווען איז לויטער.

און אויף דרכים די געהיימע
פון די הערשער פאַרן שטאַנד,
האָט געשלײַכט דורך גרויל און אֵימה
ווילדער שקלאַפן־ווידערשטאַנד.
אין ע ס פּ אַ נ י אָ ל אַ — קאָלאָמבינער,
אין ש י ר אַ ג ו אַ — די ר אָ ל ד אַ נ ע ר —
און די בריק צו ביידע אינדזלען
איז ד ע ר ג ו ף פון די אינדיאַנער.

און גוף געשמיסענער פון קנוט
און געביסענער פון הינט,
האָט געבאָדן זיך אין בלוט.
און דאָס בלוט אין טײַכן רינט,
און עס רוישט, און עס שטאַרקט זיך,
גוף אויף גוף — צעוואַקסט אַ באַרג זיך.
און אויפן באַרג פון די געשרייען
פון די קליינע אונטערטאַנען,
שטום און שטאַרקע שטייען
די נוגשים, די טיטאַנען.

און צווישן נוגש און דעם שוטר,
דעם פײַניקער און הערשער,
איז דער וואָס נוקם־נוטר,
אויפן לייטער איז דער ערשטער —
און דער מיט רחמים — איז דער צווייטער...

6
און ווער קאָן טרויען טויען אויפן גראָז,
וואָס בײַם ערשטן זונענשטראַל צערינען! — —
באַרעמהאַרציקייט איז אויך אַזוי ווי טוי,
און פון קליינער טאַט איז זי די פאַלד,
וואָס גאָר די שלעכטסקייט זי באַהאַלט.
און ווער וואָס וויל דאָס שלעכטס באמת אויסגעפינען,
אַנטוואָרצלען דאַרף די אורזאַך פון דער בייז. — —

און ווען קאַלאָן אין אָוונט איין אַליין נאָר
אין דער שטילקייט נאַכטיקער, געהערט האָט ער געוויינען
(אַזוי נאַכט־אײַן, נאַכט־אויס, און קיינער
איז נישטאָ לעם אים, פון נישע נאָר עס בליקט
זײַן לויטערע געזיכט
און אויגן מילדע, וואָס זיי מאָנען),

און אין האַלדז אַ קנײַפּנדיקער קנופּ
האָט אים געשטיקט,
איז אויפגעגאַן אין אים אַזאַ מין דורכזיכטיק געבעט:
„...אָ, דו נאָר אײנציקער,
וואָס אין נעכט פאַרנעמסט מײַן וואָרט, —
קעניג איבער אַלע קעניגן און איבער אַלע טראָנען! —
גיב מיר אַ באַשייד פאַר אַלע פײַנען מײַנע,
פאַר מײַן צער!
און אַז דו האָסט געמאַכט מיך פאַר אַ האַר,
אַ הערשער מיט אַ קרוין, —
טאָ ווו איז זי, די לוין
פאַר דעם וואָס איך האָב אין טרוים געזען
די וווּנדערלעכע וואָר,
און געבראַכט זי אַ געשאַנק דער גאָרער וועלט!?
און איך האָב דאָך פאַר דיר אַ טעמפּל אויפגעשטעלט,
און אין הערצער פול מיט אומגלויבן
דײַן זריעה געטלעכע געוואָלט האָב איך פאַרזייען!
פאַר וואָס זשע הער איך אין די נעכט נאָר
טענות און געשרייען,
וואָס לעכערן מײַן האַרץ שוין איבערפולט מיט ווונדן!
און דו, — דו קוקסט נישט מיט דײַן לײַטזעליקן בליק
און נישט דו ווײַזט מיר כאָטש אַ צייכן פון אַ שמייכל!
פאַר וואָס, מיר זאָג,
אין זעל בײַ מיר עס נעסטעט נאָר דער צווייפל,
און שׂונאים מײַנע — אין מײַן גאַנג —
נעצן מער און מערער טוען זיי פאַרשפּרייטן?
און אַלדי מעשׂים מײַנע און אין די טוונגען
פון גוטס און שלעכטס —
שוין זשע נישט פאַראַן אין זיי איז ווילן דײַנער,
גאָט, מײַן גאָט!?
האָסט מיך דאָך אויסדערוויילט צו דינען דיר
און גלויבן אין דײַן גנאָד!

מײַן זעל איז אָנגעקניפּט אָן דײַנער
און איך פֿאָרכט נישט אין מײַן גאַנג —
וואָס זשע שטרויכלסטו און קרימסט מיר מײַנע טריט ? !
אָ, טו נישט אָפּ פֿון מיר דײַן לײַדנדיק געזיכט,
און דײַן גוטסקייט טו נישט אָפּ,
וואָס ברענט אין מיר — אַ ליכט,
די חרטה־פֿײַערן פֿאַרלעש,
וואָס פֿאַרצערן טוסט אין זיי מײַן זעל,
פֿאַר אַלע מעשׂים וואָס איך טו —
און שענק מיר, גאָט, דײַן לײַטזעליקע רו !..."

דער קנופּ פֿון האַלדז האָט שטײַפֿער נאָך געשטיקט
און שטאַר נאָר יעזוס האָט געבליקט
מיט אויגן מילדע, שאָפֿענע, וואָס רק זיי מאָנען.
און נישט אַנטפּלעקט אים דעם באַשייד —
בײַם אָפּגרונטמויל זיך ברעכנדן קאַלאָנען.

7

פֿון בערג אַהינטער ווײַטסטע שטרעקן,
וווּ זון גייט אונטער טעגלעך —
אינדיאַנער פֿון די וועלדער
און דורך ביימער־שטעגלעך
צו די היילן גיכער אײַלן :
היילן,
לעכער,
צעלטן.
דאָרט שאַרפֿן זיי די פֿײַלן,
פֿאַרמעסטן זיך מיט וועלטן.

און אין אינגעווייד פֿון מוטערוואַלד
פּרוכפּערן די זאָמען פֿון צוויי ראַסן —
קופּערברוין און טונקל־ענדיקער ווײַס.

און אין מענטשנקנויל
פון ליבע־לײַדנשאַפט און האַסן
פלעכט זיך שטופנווײַז
דער חוט־השלוש —
דער ייִד־געוועב פון זײַן פילפעדעמדיקן גלות.

# בלוט און גאָלד

1

פון אָזיערעס בלאָע
און פון טײַכלעך
אויף שמאָלנאָזיקע קאַנאָעס,
פלעגן די אינדיאַנער
טאָג נאָך טאָג די צינדזן ברענגען.

געצאָלט מיט פּרוכטן אַלערלייִקע,
פויגלען פּילקאָליריקע און גאָלד
פאַר לופט דער זוניקער
אין בערג.

נאָר די הערשער
האָבן מער געוואָלט:
געוואָלט האָבן די שפּאַניער
די טעכטער שענסטע
פון די שבטים
פאַר קעפּסווײַבער;
די בעסטע יונגען,
פון מענער די גיבורים,
האָבן זיי געוואָלט פאַר קנעכט.

און ס'פלעגט דער צאָרן
דער אינדיאַנישער
מיט פײַער אויפגיין
אין אָן־לבנהדיקע נעכט,

די קאַסיקעס און די עלטסטע
פון די שבטים
פלעגן פײַערן צעלייגן אין די בערג
און אין די וועלדער
שײַטערן צעצינדן,
און קומען פלעגן מחנות
פון די בערג און היילן
מיט גרייטע צאָרן־פײַערלעך
אין אַפּלען,
און נקמה־לוסט
געפלאַקערט האָט ווי פּעך.
אין פאַרכטלעכער אומהיימלעכקייט
פון אֵימהדיקע נעכט
פלעגן טאַטן פון נקמה ווערן אויסגעקלערט
מיט זעלטענער גענויִקייט.

און ס׳האָבן די באַצווינגער
נישט געוווּסט,
אַז שנײַדן קראָפּעווע וועט דער,
וואָס האָט קראָפּעווע פאַרזייט,
און אַז דער קאָפּ פון אומגעהאָרכזאַמקייט
וואַקסט אַרויס פון גוף
פון דעם געפּײַניקט־ווייטיקדיקן פאָלק.

2
מיט אָנהייב פון טאָגן — טאָג־אײַן און טאָג־אויס —
קריכן פון אורוואַלד אַרויס
די ווילדלינגען־צאַפּעס צו צופן די טרוקענע גראָזן אויף לאָנקעס.
טשערעדעס הערניקע חיות פון ווילדוואַלד זיך בלאָנקען
אין אָפענע סטעפּעס, בײַ טײַכן;
און קינדער, פאַרבראָנדזעטע, נאַקעטע קינדער, זיך שלײַכן
צו זוכן אַ פּרי אין זוניקן פלאַקער.

די טאַטעס, ווי פּי, אײַנגעשפּאַנטע אין אַקערס ;
די מוטערס ביז נאָפּלען אין וואַסער
קילן די קרעציקע, שמאַרציקע לײַבער —
די קנעכטישע ווײַבער
פֿאַרקנסטע מיט בײַטש פֿונעם האַסער
דעם פֿרעמדן, מיט גלעטנדע, געטלעכע אויגן
און טמא־געדאַנקען —
די שקלאַפֿן די קראַנקע
זיך קאָרטשען און בייגן — זיך בייגן
אין דרײַען
און וויטיקלעך שרײַען און שרײַען
אָן ענטפֿער. — —

3

און ס'איז דער שם פֿון טאָררעסן געווען,
ווי גוטער בוימל אויף די ווונדן
פֿון אינדיאַנער,
פֿאַלנדיק אין יאָך.
און ווען ס'האָט דער צאָרן אויפֿגעקאָכט,
ווי בוימל אָנגעצונדענער,
און ס'האָט נישט איינער אַ געבונדענער
געריסן זיך פֿון שטריק,
פֿלעגן די אינדיאַנער איינציקווײַז
און כּיתּותווײַז,
אין וואַכנדיקער וואַרטעניש פֿון קריג,
עולה רגל זײַן
צום ווונדערלעכן מאַן
אין פֿלאָנטער פֿון די בערג.

און אין נעכט געשפּענסטיקע
און פֿינצטערע פֿון וואַלד,
פֿלעגט טאָררעס

נאָך די פאַקלען
די צעפלאַקערטע דערזען
דאָס אָנקומען
פון פײַן געטריבענעם המון.

4

און צווישן די אינדיאַנער ווילדע,
געווען איז איינער —
מיט אויגן מילדע,
מיט אַ שמייכל אויפגעהײַטערטן
און שׂכל אַ געלײַטערטן.
געטרונקען האָט ער חכמה
אין די קוואַלן לויטערע פון יאָרן
און פאַרבאַהאַלטן זי
אין פאַלדן פון זיכּרון.

און ווען איין מאָל אין פאַרנאַכטן
דערזען האָט ער אַ מאַן
אַ דבקותדיק־פאַרטראַכטן,
אַ מאַן מיט אויגן־מאַנדלקערנער
(אויגן ייִדישע פון דורותדיקע לערנער),
פול מיט ליבשאַפט־שטראַלן,
ווי די זון,
וואָס אָקערשט איז פאַרגאַנגען, —

איז אָט דעם מאַן,
מיט אָפּבילד מאָדנעם,
דער אינדיאַנער נאָכגעגאַנגען,
ביז ער איז געקומען
צו זײַן רואָרט
צווישןביימער.

בײַ בוים בײַ זײַנעם
אָנגעלענט זיך,
אַרויפגעקוקט צום שטערנשײַן
אין הימל,
זיך צוגעהערט צום ביימער־שורש —
און אײַנגעדרימלט.

צו מאָרגנס פרי,
ווען טאָררעס האָט זיך אויפגעכאַפּט
פון שלאָף,
באַטראַכט גאָטס וועלט,
דעם בלוילעכן אֵין־סוף,
וואָס האָט געשטראָמט אין הויכן,
ווי אַ טײַך אין פרילינג,
זיך אונטערהערנדיק
צום פייגל־טרילינג,
שחרית־שירה,
צום גאָט דעם האַר פון דער יצירה, —
האָט ער זיך אָנגעטראָפן
אויף דעם נאָך שלאָפנדיקן זקן
בײַם פוס פון בוים.

נישט דערשראָקן,
אַ ביסל נאָר מבולבל,
צו אים גענענט,
זיך אָנגעבויגן,
אַרײַנגעבליקט אים
אינעם פרעגלדיקן פנים
אונטער הייסן זונענבלענד. — —

דער אַלטער האָט
מיט שלאַבערדיקע הענט

דעם שווייס זיך אָפּגעווישט,
מיט טוי אויף גראָז
זיך אָפּגעפרישט,
און, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט,
אַוועקגעשפּאַנט
מיט טריט מיט לאַנגזאַמע
אין וואַלד.

5

פרימאָרגנדע רוישן און וואַלד־צוויטשערײַען,
פּייגעלעך זינגען און ס׳קראַקעט די ראָב.
מיט אויפוואַך פון מאָרגן דליבעט אַ רעיון:
אויב מענטש איז פון אויבערשטנס גאָב,
פון ברויט און פון זעט, דער בעל־פּקדון —
טאָ צו וואָס איז דאָס אָנטאָן נאָר שאָדן
איינער דעם צווייטן און כאָוועץ די חיהשע שׂינאה? —
פּילפּולט זיך טאָררעס מיט אייגענעם שאָטן
און קאָן פאַר דער שאלה קיין תּשובה געפינען.

דערווײַל זענען רײַטער געלאָפן
לענג־אויס דעם וואַלדיקן וועג,
און דעם אַלטן געטראָפן
זיך שלײַכן אויף גראָזיקן שטעג
דורך שפּאַלטן פון בערג
אין זײַן נאָרע.

שפּירט נאָך דע־טאָררעס
דעם לויף פון די רײַטער
און זעט נישט וואָס ווײַטער
געשען איז
אויף וואַלדיקן וועג, —
נאָר ס׳גייט אויף אומהיימלעכע שרעק.

שפּעטער־צו שטיל איז געוואָרן דאָס קלאַפּן פון קלאָען,
דערוויַיטערט דער אָפּהילך פון פערדישע טריט.
און טאָררעס געזען האָט אין פלאַם פון בזיון :
ווידער מיט בלוט האָט די ערד זיך צעבליט.

צווישן ווענט פון אַליינזיַין —
דע־טאָררעס.
טריפנדע, טראָפּישע נאַכט ;
צאַרטע פינגער באַרירן זיַין נשמה,
אַזוי־אָ ציטערן בלעטער ביַי נאַכט,
ווען ווינטן יאָמערן.
נאַכט האָט אַ מחיצה צעשטעלט
צווישן אים און דער וועלט —
שטעכיקע צאַמען.

און ווי דער שניטער אין פעלד,
ווען ס'האָט אים די זאַנגען
דער שטורעם צעשאָטן, —
דערמאָנט אין געדאַנק ער
זיַין וועלט וואָס צעטראָטן,
וויַיל אין איטלעכער זאַך
איז פאַראַן אַזאַ שיַין
וואָס פאַרגייט,
און אין יעדער נשמה :
דערוואַרטונג וואָס קומט. — —

6

— וויפל ריַיכטימער און אוצרות,
ברענגט מען פאַר דעם נוצרי :
פּראַכטיקן בראָקאַט,
פּורפּלדיקע פּערל,
איידלער אָדאַליסק,

טעפּעכער געשטיקטע
פּאַר ווונדנדיקע פּיס.
מען בויט דאָ אַ קירך
און מען מויערט די גערעכטיקייט
אויף אירע פּלייצעס!
נאָר ווי צו דעם וואָס ליידט,
און זיין אָנשפּאַר — דער קרייץ איז!

...קניִען די המונים,
און ס'בוקן זיך די קנעכט,
טוט מען אָן אַ קרוין אים,
מען צינדט די דאַרע לעכט.
ברענען זיי און טליִען,
דעמפּנדיקער ווייִרעך.
צאַנקענדיקע שקיעה,
שטאַרבנדיקער מערב.

7

— „...וויינט, גוטע שפּאַניער,
צינדט אָן אַ קנויט!...
כואַן דע־מאָנטאַניאַ
נישטאָ מער, איז טויט!"

יאָמערן שפּאַניער
און צינדן אַ קנויט אָן.
כואַן דע מאָנטאַניען
פירט מען אַ טויטן.

געקלאָגט האָבן קריגער
אַ גרויסן געקלאָג. —
צום אָרון פון זיגער
ט'גערופן דער גלאָק.

דער גלאָק האָט גערופן,
דער גלאָק האָט געמאָנט:
פאַר טויזנטער גופים —
דער קבר איז נאָנט...

אינדיאַנער פּאַרטאַיעט אַ ווײַל
אַהינטער די בוימער פּאַרוויגטע.
זיי שיקן אַ גיפטיקע פײַל, —
זיי זענען אויף פײַלן געשיקטע.

איינע און הונדערטער נאָך
די פײַלן — זיי פליִען אָן צאָלן.
פאַר לאַנגזאַמען שלעפּן דעם יאָך
אײַלן די פײַלן באַצאָלן!...

8

די דאָרשטיקע שווערד
פון די פּאַרלענדער
אויף נײַער ערד,
האָט אָנגעזעטיקט זיך מיט בלוט.
די שענדער
האָבן אָפּגערוט
אין אָוונט־טאָל פון טויטע.
צווישן וואָלקנדלעך — לבנה־צונג,
אַ רויטע —
ט׳אַרויסגעשטעלט אַ וואָרענונג:
„אין זעלבן גרוב
דער גרובן־גרעבער
וועט באַגראָבן ווערן
און דער באַגראָבענער
וועט לעבן ווידער!..."

נאָר די האָפּערדיקע לידער פֿונעם הערשער
צעקלונגען האָבן זיך אין עמבער־שײַן
פֿון טראָפּישן אָקטאָבער:
„ווער לעצטער איז — וועט זײַן
דער ערשטער!
— שטאַרב, אָבער דעראָבער!
ביז לעצט
דערשלאָג דעם פֿײַנד,
ביז העכסטן באַרג דערקלעטער!
— לעבן זאָלסטו הײַנט, —
נישט טראַכט פֿון שפּעטער!...״

9

און לאָזט זיך נאָר אַראָפּ
די נאַכט אין וואַלד,
שרײַט אַ קראָ אויף קאָפּ
פֿון טאָררעסן — „גוואַלד!״

קראַקעט זי דאָ לשון
פֿון דער נאַכט.
נאַכט איז אויסגעלאָשן
און זי וואַכט.

אין טיף פֿון דער אומענדלעכקייט,
ווער קאָן באַנעמען אירע רייד?
צו שפּראַך פֿון אומפֿאַרשטענדלעכקייט,
ווער קאָן געפֿינען אַ באַשייד?

טוט די קראָ מיט טאָררעסן
זיך שוועסטערן אין נעכט,
ווייסט ער נישט צי וואָר איז עס,
צי אויסגעקלערט?...

נאַכט בײַ נאַכט אַזוי
פלוכט און פלאַטערט זי, די קראָ.
שעלט און קראַקעט זי — גענוי
אין זעלבער שעה.

10

אין פלאַמען פון קראַנקע באַגערן
הילפלאָז זײַן גײַסט האָט געברענט,
און נאָר בײַ דעם שײַן פון די שטערן
זײַן צער האָט ער לעשן געקענט,
ווײַל אין אָוונטן בלויע און שטילע
צו הימלען דערגיין פלעגט זײַן תּפילה.

די תּפילה פון פרישות און טרויער,
אַ תּפילה פאַר זיך און פאַר אַלע;
אין פעלדזיק האַרטנעקיקן דויער
קאָן יעדערער ווערן נתעלה.
געגלויבט האָט דע־טאָררעס אין מחילה
פאַר יעטוועדנס איינזאַמער תּפילה.

השגחה גענייגט איז צום זינדער,
ווען גלויבן נאָר גורט אים בײַם פאַלן,
אַזוי זענען ערדישע קינדער: —
זיי שטרויכלען בײַם זוכן די קוואַלן
פון לויטערן, געטלעכן גלויבן, —
ס׳וועט גאָט זיי פון שטויבן דערהויבן.

וואָרן גאָט איז אַ בורג פאַר געמיינעם,
דעם זוכער ער וועט נישט פאַרלאָזן;
פירן ער וועט אים דורך שטיינער,
דורך שטעכיקע, דערניקע שטראָזן. — —
דען אין טאָל אויך פון טויטלעכן שאָטן

שרעקט מיך קיין בייז נישט —
אַזוי איז זײַן רצון...

**11**

און שיפן האָבן זיך געשיפט
דורך שטורעם־שוים
און שטרעקעס שרעקנדע
פון אָקעאַנען —
אומדערמידלעכערהייט
און אָנגעברייט
צו נסיעות נײַע און נסיון.

דער אַלמיראַנט
האָט איבערפלאַנצט
פון אַלטער וועלט אויף נײַער:
מענטשן,ביימער, חיות.

און אויסגעשטרעקטע האַנט
האָט זיך געשטאַרקט
איבער קעניגרײַך פון שוואַכע
חלומות נישט דערוועבטע
צו פאַרוועבן,
און צווישן טאָג געלעבטן
און חלומדיקן שטרעבן
פלעגןווירקלעכקייט־געפלעכטן
אויסהעפטן געמעלן
מיט אויסטערלישער מראה:
אויף דער פאָן —
געפעכטן,
אין פאָדערגרונט —
אַ כמאַרע.



1

טואָב.

קאַאָנאַ.

נאָסאַי.

אינדיאַנערס באַצייכענען :

גאָלד.

דער תּנאי

פאַר אַ פאָלק אַ פאַרפאָלגט,

און דער פּרייַז,

וואָס עס צאָלט

צו זײַן פרײַ. —

— גאָלד !

דאָס גאָלדענע וווּנדער

פון מאַכט.

און דער סוד וואָס פאַרמאַכט

אין דער פויסט

פונעם הערשער און האַר.

די קרוין פונעם קעניג,

די חכמה פון נאַר. —

2

און באַפוילן האָט

דער האַר קאָלאָן

אין די מטבעה־הויפן

קעניגלעכע

אויסצוגיסן קופּערנע מטבעות

און זיי אויפהענגען,

ווי הייליקע קמיעות
אויף די העלדזער פון אינדיאַנער,
וואָס צאָלן זייער קאָפּשטײַער
אין גאָלד.

און די וואָס צאָלן נישט,
און די וואָס גראָבן
אין די טאָלן נישט
און אין די בערג;
און די וואָס זוכן
אין די טײַכן נישט
דעם בלישטשענדיקן זאַמד,
און דער וואָס האָט פֿאַרזאַמט
צו ברענגען שטײַער, —
אים זאָל רויט מיט פֿײַער
אויסברענען אַ סימן
אויפֿן שטערן־מיט.

און קנעכט
וואָס הערן נישט
די שטים פֿון אויפֿזעער, —
זיי אָפּצושנײַדן
נאָז און אויער,
אָברים קענטלעכע,
אַז עס וועדה
זען זאָל
דעם צייכן שענדלעכן
פֿון דעם פֿאַרברעכער
אומגעהאָרכזאַמען
פֿון טרויעריקן פֿאָלק
וואָס האָט נישט אויסגעפֿאָלגט
באַפֿעלן פֿון דעם שענדער.

3

און שטילקייט מילדע איז געקומען
אין פרי פון ערב־טאָגן, —
שטילקייט־שורש פון פליגל
איידער זיי פליִען אָפּ.
די שטילקייט האָט אָנגערירט
דע־טאָררעסעס קאָפּ —
און אים אַוועקגעטראָגן.

— ווּהין איז געפלויגן
דער קאָפּ אָנעם גוף? —
ער איז געפלויגן
נאָך ווינטיקן רוף
פון יענער זײַט ים.
דער גוף איז געבליבן,
ווי אַ ביימערשטאַם אָן צווײַגן.
דאָרטן איז געווען: פלאַם,
און דאָ — אוראַלטער שווײַגן.
דאָ — דער גוף דומם,
און דאָרטן — ברויזיקער ים.

דער קאָפּ איז געפלויגן
אין כוואַליקע רוימען
פון אומגעזעענע פליגל געטראָגן.
נאָר ווען ס'האָט אויף טאָגן
שאַריִען גענומען, —
איז דער קאָפּ צוריקגעקומען
און אויפן גוף זיך אָנגעטאָן
ווי גאָרנישט נישט געווען.

און ס'האָט טאָררעס געזען
דעם ווונדער,

ווי קאָפּ און גוף באַזונדער
באַהעפטן זיך צוזאַמען.

צווייַגן־געשורש אויף די שטאַמען.
און ווידער האָבן גערוישט די ימען
פון אויסגעשטומטעביימער.
און וואָרהאַפטיק
האָט טאָררעס שוין געהערט
געקרעכץ פון רירנדיקער ערד
און פויגל־פלעטשערייַען.

און דורכגעלאָפן איז אַ רעיון,
לאמור: „דאָס וויל אים גאָט באַנייַען
און שטעלן פאַר נסיון".
— און אַזוי וועט ווערן אָפּגעהאַקט
דער קאָפּ פון די רשעים. — —

4
מענטשנוועגט — אָן אויסגענג,
אָן טירן, אָן ליכט.
אויף זיי דער שטורעם הענגט,
די חושכניש קריכט.

נאָר אינגעווייד־געשרייען
די ווענט צעשמעטערן.
און כוחות נייַע גייען
און קלעטערן.

ווייטיק עפנט די ווונדן,
רינט צאַפּלדיק בלוט.
גוף ווערט הייסער געצונדן
פון שמייַסנדער רוט.

שינאה שטייגט ווי אויף שטאַפּלען,
ווי שטורעם אין ים.
און גיסט אָן די אַפּלען
מיט פלאַמיקן סם.

גייט מענטש ווי אויף דערנער,
מיט ווונדיקע טריט.
וואַכט וואַכיקער צערנער
און היט.

5

ווילדוואַלדיקע דממה־קאַיאָרן
צעאַקערט דער קריגערשער האָרן
און וועקט אויף מיט שטורמיקן צאָרן
די פרידלעכע ווינער פון בערג.

דע־טאָררעס פון רו־אָרט פאַרוואָגלט,
זײַן בוים האָט אויך שטורעם צעשאָקלט,
אין ווינט און אין רעגן, אין האָגל
ער וואַנדערט אַרום אין די בערג.

מנוחה פאַרמאָגט נישט אויך דאָ ער,
ער נישטערט בדמיון דעם זוהר:
איז פאַראַן ווו אין רגעס פון טרויער
אַ רואָרט אין שאָטנס פון בערג?

און וויל ער אַ תשובה געפינען,
פרעגט ער: — צי האָט עס אַ זינען
צו בלאָנקען אָט־דאָ פון באַגינען
ביז צאת־הכוכבים אין בערג?

געפינט ער אַ פעלדז ווו אַ גרויען,
אויף גראָזן נאָך טריפנדע טויען,

און הערט ער ווי וועלפּיכעס וואָיען
אַהינטער דעם פינצטער פון בערג.

ציילט ער אויף פינגער די מידות
און זוכט פון יצירה די חידות
און מאַכט אויף התחלות אַ קידוש
אין קדמון פון פעלדזיקע בערג.

טיפער אין בערג זיך פאַרטאַיעט
דע־טאָררעס מיט וואַלד און מיט חיה,
מיט געטלעך אומענדלעכן אַיִן
אין פאָרכטיקן פלאַטער פון בערג.

6
אין ערשט דערוואַכנדיקע שעהען
וואַלדישע,
אין אויפשריַי גוואַלדישן
פון פויגלען רויבערשע
זיך וועקנדע
מיט קולות שרעקנדע, —
איז טאָררעס אַ צעשויבערטער,
מיט רעיונות נאָך צעקוידערטע
פון אַ נאַכט נישט שלאָפן,
אומגעלאָפן,
ווי אַ הערש,
וואָס איז פון יעגערהאַנט
נאָך נישט געטראָפן,
וועלכער שפּירט שוין אָבער
טויט־דערנענטערונג.

און באַלד האָט זיך
אַ קלויסטער־קלונג

צעשאָטן
מיט טויזנט קופּערנע מטבעות
אויף אַ גלאָז. —

און אין פרישן צווײַגהאַפטיקן שאָטן
איז געזעסן טאָררעס אויפן גראָז
און געהאַט אַ חילוקי־דעה:
צי זאָל ער לויפן טיפער נאָך אין וואַלד,
געיאָגט פון טויטגעפילן בלינד,
צי זאָל ער בלײַבן דאָ
אין שטומעניש פאַרשטומט
און האַרן
אויף געפאַרן
און אויף שטורעם־שעה
וואָס קומט?

און ווי אַ בלאָנדזשענדיקע שיף,
וואָס ענדלעך טרעפט אַ האַפן, —
האָט טאָררעס זיך געפרייט
מיט אמתדיקער פרייד
און פרײַנדשאַפט־בונד מיט אַפן,
מיט וועוריקעס אויף צווײַגנבראָך;
און יעדער שטאָך
פון נאָדלצווײַג,
און יעדער ביס פון בייזער
זשומענדיקער בין,
איז געווען פאַר אים דער גאָרער זין
און גרויסער תּענוג פון דער וועלט.

און ווידער האָט ער
אין אַ דורותדיקן בוים
זיך אויפגעבויט אַ היים, —

פון בלאַט און צווײַג —
אַ וווּנדערבאַר געצעלט.

*

— דער שיקזאַל! — די שבועות צעברעכט ער!
און גאָר דער האַר — די מענטשלעכע ווערטער.

הענגען אַרונטער אויף מיר אָט די לאַסטן
די שווערע פון פאָלק — איבער אַקסל.

טויזנטער לעבנס — זיי שלאָגן אין בלוט פון מײַן גוף,
זינט נאָר דערהערט כ'האָב דעם הייליקן רוף:

דער רוף איז פון אָפּגרונטן טיפע פון פאָלק,
פון ביינער פאַרברענטע פון בלוטיקן טאָל.

ווילן די ביינער זיך אָנטאָן אין גופים,
שרײַ איך צו גאָט און איך רוף אים:

„אָ, טו אָפּ פון אונדז, דײַנע אייביקע קנעכט,
דעם פינצטער וואָס הויערט אויף אונדז אין די נעכט!"

„דעם זונשײַן, וואָס גליט — און אונדז נאָר פאַרברענט ער!"
שרײַ איך — נאָר ס'קומט נישט קיין ענטפער.

*

...שוין־זשע איז דאָ אויכעט לעצטע שוין אַכסניא —
ווילדוואַלד וואָיענדער מיט פײַערפלאַאַם פון שפּאַניע? — —

האַנט פון משחית, ווי אַ שטראָף, הענגט אויסגעשטרעקט —
— ישׂראלס נאָמען אויכעט דאָ זאָל ווערן אָפּגעמעקט?

פאַלן אָן אויף טאָררעסן מחשבות — חיות־רעות,
פאַרצוקן יעדע שפּורן פון סיפּורי קץ־הפּלאות.

מיט כּל אמצי־כּוחות וויל ער אָנהאַלטן דעם גלויבן :
פון שטויב פון חורבות, וועט גאָט זײַן פאָלק דערהויבן

צו קיומדיקן נצח — דערהויבן אים פון פלאַמען,
און דאָ פון ס'נײַ פאַרפלאַנצן ישׂראלס אַלטע שטאַמען. — —

ישׂראלס אַלטע שטאַמען, וועט קיינער נישט פאַרדאַרבן. —
ווי גוט איז דאָ אין מידבר אויך פאַר גאָט צו שטאַרבן !...

7

פאָרגעפילן נעפלען באַוווסטזײַן
און האַרץ איז דער שופט פון טאַט.
ווי וואָלקן וואָס טונקלט דעם זונשײַן,
חושכט גוף אונטער האַנט פונעם קאַט.

ווער איז דער וואָס באַוועגט מיטן ווילן
פון מענטש איבער מענטשן — זײַן מאַכט ?
ווען כּוחות ווען בלינדע זיך שפּילן
און ס'קוקט מן הצד ווער און לאַכט.

*

דער חלום פון באַזיגטע
איז פאַרשפּיגן, פאַרמיאוסט.
ליגט נאַכט אַ פאַרוויגטע
און וויסט.

גן־עדן פון די ווײַסע
צויבערט נישט, לאָקט נישט ;
שטערנדלעך פינצטערניש בײַסן, —
נאָר ס'טאָגט נישט.

## די פעסטונג

**1**

און געקומען איז אַ טאָג,
ווי טעג ווי אַלע.
גיך אין בערג געיאָגט
און גיך געפאַלן.

און קוים נאָר די זון
אַרונטער אין טאָל איז,
פון שטילקייט אַרום
געפאַלן אַ קול איז:
— „זײַן גרייט!
אין טונקל פון נאַכט
אויסגעשפרייט
אויף דער וואַך!"

ווי אויף שאַל
פון אַ האָרן
איז פינצטער געוואָרן
אין וואַלד. — —

און מאַכטיקע מחנה
צום קאַמף אָנגעברייט!

די נאַכטיקע וואַך
האָט אין וואַלד
זיך געשפרייט.

2

די מחנה האָט פֿאַרזאַמלט זיך
טיף נאַכט.
דער פירער פון די קריגער,
דער צויבערער קאַנול,
האָט שיפּענדיק באַפוילן:
— „גיין!...״
און ס׳האָבן אין די הונדערטער
אינדיאַנער
זיך אַ וואָרף געטאָן אין וואַלד:

געשאַרט זיך אויף די בײַכער,
ווי די שלענג,
מיט אויפגעגליטע אויגן,
ווי בײַ לויערדיקע וועלף.

צום דורכלויכט וואַלדישן
זיי האָבן זיך געשלײַכט,
אַדאָרט ווו נאָענט בײַ די בערג
האָבן די געוועלטיקער
אַ פעסטונג אויסגעבויט. — —

(צוריק פון די רויִנען אויפגעשטעלט
און פון די קופעס אַש;
נאָך דעם ווי די פעסטונג
מיט די ערשטע, ווײַסע אײַנוווינער
איז געוואָרן דאָרט פאַרברענט...)

די פעסטונג „נאַווידאַד״
איז שווער און מיד געשלאָפן איצט
אין צווייטער העלפט
פון נאָך שוין האַלבער נאַכט.

ווי נישט ווי
האָט ווי אַן אויג
אַ שפּאַרבערשער
אויף וואַך
אַ פֿײַערל אַרויסגעבלינצלט געל
פֿון די טורעם־פֿענצטערלעך
פּאַרגראַטעטע.
אין אַלע טויערן
מיט שטאַנגען אײַזערנע פֿאַרריגלטע.
און פֿון דער פֿעסטונג רונד אַרום
און אויפֿן דאַך
האָבן שטאַר
אַרויסגעשטאַרצט,
ווי גאָרגלען פֿינצטערע,
קאַנאָנען־העלדזער
בלינד.

ווי די שפּירהינט
אַרום ווענט, —
אויגן — גליִענדיקע ווערעמלעך —
נאָר גופים אָן אַ שאָרך,
זיי פּויזען און קאַראַבקען זיך
און דראַפּען זיך,
ווי מאַלפּעס אויף אַ בוים
צום טורעמל פֿון דאַך —
און פֿון דאָרטן
קאָפּ אויף קאָפּ
זיי גליטשען זיך אַראָפּ
אין פֿעסטונג שוין.

און זיי זוכן און זיי נישטערן
מיט חיהשן אינסטינקט,

ווו ס׳ליגן דאָ
די גופים מענטשלעכע
אין שלאָף פֿאַרזונקענע,
און איידער וואָס און ווען,
פֿאַרשטיקן זיי געשריי
פֿון די וואָס וועקן זיך
אין שרעק,
און זיי נעמען אויף די אַקסלען זיי,
און, ווי גאַרבן, שטום
זיי איבערגעבנדיק
פֿון האַנט צו האַנט
צו צאַפּלענדיקער מענטשנקייט
אַריבער ווענט.

און ביז די פֿעסטונג
האָט פֿון שלאָף זיך אויפֿגעוואַכט
מיט שיסערײַ
און הונט־געבילערײַ, —
זענען קריגער שוין
אינדיאַנערשע
ווי טיגערס גיך,
מיט קרבן אין די ציין,
שוין ווײַט אין וואַלד געווען,
אין פֿלאָנטערדיקן בוימגעפֿלעכט,
אויף זיך שלענגלדיקע שטעגן
צווישן אָפּגרונטן און בערג
צו די היילן פֿינצטערע.

די קרבנות זייערע,
ווי שאָף אין ציינער וועלפֿישע,
האָבן צאַפּלענדיק געשלײַדערט זיך
אין פֿרי פֿאַרטאָגעדיקער קעלט ;

און אין אָפּשײַן ליכטיקן
פון פײַערן אין הייל,
האָבן זיי קלאָר דעם טויט געזען,
וואָס לויערט שוין
פון יעדן פעלדזנשפּאַלט,
מיט מײַלער שוואַרץ־צעעפנטע
ווי קברים.

דערווײַל האָט הונט־געוואָי
דערנענטערט זיך
און שטאַרקער אַלץ די שיסערײַ;
און טופערײַ
פון צאָקנדיקע קלאָען פערדישע
האָט אָפּגעהילכט
אין חלל דעם פּאַרטאָגיקן
פון בערג.

און ס'האָבן די געפאַנגענע
אין הייל אין פינצטערן,
מיט אָטעם מיט פאַרכאַפּטן
נאָך געוואַרט אויף נס
פון הימלבלוי,
ווי ער וואָלט געקומען
מיט דער ליכטיקייט,
וואָס האָט זיך שוין
אַרײַנגעזאַפּט פּאַרטאָגעדיק
אין גראָענדיקע עפנונגען
פון הייל.

און שטילער אַלץ
זיך לעשנדיק
דער עכאָ־רויש

פון הונט־געבילערײַ
און אײַנגעשטומט
דאָס פערד־געטופערײַ
האָט זיך
אין לאַנדשאַפט אויפגעלויכטענעם
פון פרי־פאַרטאָגיקן
אַרום.

און קרעכצן נאָר
פון די פאַרווונדעטע
און פרויען־יאָמערײַ,
ווי פון שאַקאַלן דאָס געוויין,
האָט צונויפגעפלאָכטן זיך
מיט אומעטיקן פייף
פון פײַלן
פליִענדיקע פלינק
אין אַלע ריכטונגען
פון וואַלד.

3

פאַר טאָג האָט אַלץ זיך אײַנגעשטילט.
די זון — אַ ברענענדיקער ראָד —
האָט הויך און העכער זיך געראָלט
אויף דעם שיפּעלע ליכטיקן
פון הימלדיקן וועג,
אַ רגע נאָר פאַרהאַלטן זיך
אויף רוקנס פון די בערג,
באַלויכטן שאַרף
די קינבאַקן די סטאַרטשענדע
פון פנימער,
געלע און ברוינע,
פון די שקלאַפן־קנעכט,

וואָס האָבן שוין אָט־דאָ
פון ערשטן זונענשפּראָץ,
ווי מיט ציינער שאַרפע זיך געביסן
און געפליקט,
ווי פעלן פון מגושמדיקע חיות,
די גראָבע שטיינערדיקע הויט
פון פעלדזן.

ס׳האָבן בערג
נאָך נישט געאָטעמט
מיט פרימאָרגן־לופט,
און ס׳האָבן מענטשן נאַקעטע
געגראָבן זיך
אין אינגעווייד אין זייערן,
ווי ווערעם זיך געראָיעט ;
געזוכט אין טיפענישן —
גאָלד.

און זשאַווערדיקע ציינער
פון זעגן
האָבן קעפּ די קוטשעריאַווע
פון די ביימער די געקאָלטנטע
געשניטן
מיט אַ כריפּלע הייזעריקן קול.
האַלבנאַקעטע,
מיט פעלכלעד אויף די לענדן,
האָבן מענטשן
אין זודיקן שווייס זיך געבאָדן
אונטער קאָכיקער טראָפּישער זון,
וואָס האָט מערער אַלץ
געקלעטערט
צום זעניט.

די דעמבעס
פון דורות פאַרוואָרצלט
אין טיפע אין ערדישע שיכטן ;
די טאַנען און צעדערן שלאַנקע,
די ליפּעס און פּיכטן
און ביימער אָן נעמען,
צעצווײַגטע,
ווי הערנער פון הערשן,
זיך האָבן געבראָכן,
געקרעכצט אונטער אימפּעט פון העק
פון די וואַלדמענטשן מידע,
וואָס האָבן דאָרט שאָטנס געפונען,
און האָבן אין שלאַקסן,
אין שטורעם־געוויטער
געשיצט דאָרט
די נאַקעט־צעשמיסענע לײַבער
פון גלײַיִקע ווינטן.

עס פּלאַצן די פעלדזיקע פעלן
ווען ס׳בײַסן זיך אײַנעט
די קירקעס און רידלען,
און אינגעווייד באַרגיקע כאָרכלט,
מיט צאָרן
ווען ס׳גראָבט זיך אַרײַנעט
דער מענטשלעכער ווילן
באַהערשן דעם אוראַלטן כּוח,
וואָס שלומערט
אין שטומער נאַטור.

4

בערג און בערג — העלפאַנטן און קעמלען,
און בערגלעך נישט קיין בערגלעך — סטאַדעס קעלבער.

געשריי פון בערג דערגייט דאָ ביז די הימלען,
ווען קנויטן צינדן זיך און ברענען זיי די העלדזער.

אין מיידל־אינגעווייד פון בערג גראָבן זיך די לאָמען
און ס׳שטעכן רידלען שפּיציקע די האָרעדיקע רוקנס.
מען זעגט, מען רײַסט די וואָרצלען אויס, מען ברעכט די דורותדיקע
שטאַמען,
און ביימער־קרעכצן פלעכטן זיך מיט לעבעדיקע הוקען.

קרעכצן ביימער פאַלנדיק און קולות שלאָגן זיך און שרײַען,
העק און רידלען קריגן זיך און ס׳כריפּען זעגן.
פון אורוואַלד לויפן ווילדע, ברומענדיקע חיות,
ווען ס׳שנײַדן דורך די בערג די שלאַנגעדיקע וועגן.

5

ערב אַ שטורעם אין בערג איז אָט־איצטער,
נאָר טראָפּישער אָוונט איז לויטער.
שטילקייט — אַ סטאַדע פון לעמער
דרעמלט אין טאָלן.
לבנהדיקער בלוי פון יצירה
נאָך טריפט דאָ
און בראשית אין שאָטנס פּאַרטאַיעט
נאָך לויערט אויף מענטשן,
וואָס קומען צערײַסן
די דראָענדע שטילקייט פון פעלדזן.

און אין הייל פון אייביקן דעמער
זאַמלען זיך ווינטן — מורדים געבונדן.
זיי וואַרטן אויף שטורעמס וואָס קומען.
זיי וועלן אויף טרוקענע פליינען
די ימען צעגיסן, מדבריות פאַרטרינקען,

צעדריבלען די באַרגיקע שטיינער
און שיפן אין ימיקע טיפן פאַרזינקען.

און ס'ליגן אינדיאַנער פאַרשפאַרטע
ווי שפּאַרבערס, וואָס שפּירן נבילהשע ריחות.

6

טערפּקע־קלעפּיקער גערוך
פון בלוט
און דופט פון גראָזן טויִקע
אין שאָטן.
און ווי אויף לעבן אייגענעם געטראָטן,
צווישן פאַלמע־שטעגן,
נאָך פון קיינעם נישט באַטראָטענע,
איז טאָררעס אומגעגאַנגען
און געקליבן,
ווי אַ זייער זערנעס קלייַבט
פון ווינט צעשאָטענע
שטיקער מענטשנלייַב
פון טויט־גערעטעניש
פאַרבליבן
אין דער נאַכט.
אים האָט אויסגעדאַכט
ער הערט
די זיפצן־קרעכצן
ערשט צעשניטענע פון שווערד;
די קרעכצן גיסן זיך
אין טייַך אַרייַן
מיט יאָמערלעכן ברויזן;
און אויף גראָזן־בלעטעלעך
און צווייגן;
און אויף בעכערלעך

פון אָקערשט־אויפגעמאַכטע רויזן,
און צווישן אַלעביימערדיקע שטעגן
איז דרויב
פון גופים מענטשלעכע געלעגן :
הענט און פיס,
אויגן פון אָרביטן
אויסגעריסן
מיט שטיקער בלוט פון די געהירן —
הויפנס מיסט.

און ווי עס וואָלט
די האַנט פון טויט אים פירן
אין מלכות פון פאַרגיין, —
האָט ער אַליין
מיט ציטערדיקע הענט
באַטאַפּט די גלידער איינצלנע,
פאַרשעמטע,
און אָנגערירט
די פויסטן נאָך צונויפגעקלעמטע
פון לעצטער ראַנגלעניש
אין גסיסה.

און אַלע דורכלויכטן
און אַלע ביימער־סככן
דורכגעריסן האָט די זון
און דורכגעשטראַלט
בעל־חי און דומם.

און ווי דער וואַלד
וואָלט אויפגעוואַקט נשתּומם
און מיט טרויער דורכגעדרונגען,
האָבן אַלע ביימער

זיך צעזונגען:
„אל מלא רחמים
שוכן במרומים!"

7

און די האַנט, וואָס האָט פאַרלענדט,
אויפגעשטעלט האָט שינאה־ווענט
פאַר דער נאָרע
פון דע־טאָררעס.

צווישן כאָר־געזאַנג פון מיזערערע
איז זײַן תּפילה אומגעשוומען.
גלאָקנרוף — אַ דומפּ און שווערער
אורוואַלד־רו האָט דורכגענומען.
פון די קרומע סטעזשקעס פון די בערג
און פון די טײַכן אין ק אַ נ אָ ע ס, —
אין מחנות קומען אָן אַהער
די נײַע קריסטן — מיט הכנעה.

ס'פרעמדע וואָרט אויף שטומער לעפּ,
און גאָטס פאָרכט — אין האַרטער שאָל נאָך.
און פאַר גאָרער ווײַסער שלעכטס
בלאָנדער גאָט האָט נישט באַצאָלט נאָך.
און אויך צו אים, ווי צו אַ גאָט,
אינדיאַנער קומען זיך דאָ בוקן —
בעת דער שפּאַניער מאָרד־געבאָט
אים אַליין דאָ וויל פאַרצוקן.

אויך אורוואַלד־ברודער פון דער אַף
זוכט די געטלעכקייט מיט פרייד.
און זוכט די סודות פון באַשאַף
און פאַר בלוט פאַרגאָסענעם — באַשייד.

— דער אורוואַלד־מענטש!
וואָס וויל ער מער, ווי זעט פאַר הונגעריקן לײַב?
וואָס וויל ער מער ווי רו?
און גוטסקייט וויל ער אויך
און ווייסט נישט וואָס איז שלעכטס
און באַנעמט נאָך נישט דעם זין
פאַר וואָס די רישעות קליידט זיך אָן
אין פּילקאָליריקן לבוש.

ער ווייסט דעם פּתרון נישט
למאי באַגערט ווײַסהויטיקער
נישט נאָר וועלט די ליכטיקע,
נאָר אויך דעם שוואַרצוואַלד וויל ער אײַננעמען
און אָנשיקן די בייזע הינט פּירפּיסיקע
אויף שוצלאָזן ברוינהויטיקן
און רײַסן שטיקערווײַז זײַן לײַב
און עסן ס׳לעבעדיקע פליייש
פון קרבן נאָך זיך צאַפּלענדיק —
אבר מן החי!

...און טאָררעס האָט
מיט הענט מיט אייגענע
באַטאַפּט די הרוגים דאָ אין וואַלד:
די פאַרשׂרפהטע, דערשטאָכענע,
די מיט פײַלן דורכגעלעכערטע,
געהאַנגענע,
און מיט שאַרבנס אויפגעעפנטע
פון שטיינער שפּיציקע;
עס האָט זיי אַלעמען נקמה־האַנט
ווי שפּײַז געבראַכט
פאַר קראָען פינצטערע
צו שטילן זייער הונגעריש נאָך פליייש.

דאָס זענען זײַנע מיטברידער געווען!
מיט ברידער פון זײַן שטאַם
געטריבן זיך דורך טעג און נעכט,
צו געפינען ווו אַ ברעג,
פון שטורעמדיקן ים,
אַ מקלט־ווו פאַר מידן גוף.

און דאָ, — אויף גאָט־געבענטשטער ערד
מיט זון, מיט שפעדיקער זעט
און ברויט לרוב,
און פירות זאַפטיקע,
און וואַסער גלײַך פון קוואַל;
וואָס האָבן זיי דאָ מער געוואָלט,
און וואָס איז מערער ווערט,
ווי גאָט־געבענטשטע ערד?

נאָר זיי, די להוטע נאָך גאָלד,
נאָך רײַכטימער,
נאָך לײַב און ווײַב,
נאָך זיג און מאַכט,
האָבן דאָ אַהער
אין העלער זוניקייט
נאַכט און פינצטערניש געבראַכט.

8

— ...דע־טאָררעס אָן אויסגאַנג,
ווי איינער פאַרלוירן אין שלאַכט,
געבליקט האָט אין נאַכט,
ווי אין אורים־ותומים,
אַ פּתרון געזוכט, נישט געאַנט וואָס אַרום אים;
אַ גײַסט פון נביאות עס זיצט אין די גראָזן,
זיי שושקען: פאַרלאָזן, פאַרלאָזן!

און ס׳מורמלען די בעטנדע בלעטער:
„ס׳וועט קיינער נישט קומען אין ווינטיקן וועטער
דיך שיצן פון קעלט און פון בייזן געוויטער!...
עס קרוכן דיביינער און ס׳גייט דורך אַ ציטער,
אַ סקרוך אין די אברים אין אַלע;
ער הערט, דוכט זיך, זינגען, — ס׳איז שבת? —
„לכה דודי לקראת כלה, לקראת כלה!...״
עס זינגען בײַם טײַכל די זשאַבעס,
אין שײַן פון לבנה אין בלאַסן,
און ס׳פּליעסקעט דאָס וואַסער
און מאַניעט מיט טויזנטער אויגן.
די ווערבעס זיך בויגן
דעם דורשט אײַנצושטילן
פון טרוקענע צווײַגן די קראַנקע;
אומזיסט זייער ווילן!

זיי בלײַבן פאַרחלשט, —
און קענען דעם טײַך נישט דערלאַנגען.

די נאַכט איז פאַרגאַנגען
אין קראָעשן פלוכן,
אין ביינערשן סקרוכן,
אין ציטער;
און ס׳האָט נישט פאַרשפּעטיקט
געוואַרטער געוויטער. — —

## דערוואַרטער געוויטער

1

אין חלום האָט טאָררעס געזען אַ געשטאַלט,
געשניצט ווי פון שטיין אין אַ נישע. —
ס'קענטלעכע פנים, אַסקעטיש און קאַלט:
ס'געזיכט פון טאָלעדישן בישאָף.

גלאָקן צעשראָקענע שאַלן,
אויפגעשטורעמטער געוויטער. —
שוואַרצע נאָנעס אין די שאַלן
טראָט אין טראָט פון אינקוויזיטאָר.

— וועמען פירט מען דאָ צום בראַנד,
אין אויפגעלויף פון גרויסן עולם? —
ווער עס טראָגט אַ שווערד אין האַנט,
און ווער עס פאָכעט מיט אַ צלם.

אויגן בליצן פון באַלקאָנען,
פון די טורעמס אויף די דעכער;
און עס שרייַען בונטע פאָנען,
און די זון — אַ רויטער פעכער.

ווי פאַלנדיק וואַסער — צערוישטער המון,
און לידער — צעשוימיקטע כוואַליעס. —
און זע נאָר! ווי ווערט ער דערשטוינט:
זייַן רבי אין בלאַנקענדן טלית!...

ווײ, ווי מען פירט דאָ דעם צדיק־הדור,
אין קלויסטער־געקלאַנג צו דעם שײַטער!
באַהעפטן זיך מער אַלץ צום שפּאָטישן כאָר —
המונים, וואָס טומלען פאַרשײַטער.

אין מיטן פון מאַרקפּלאַץ רויכערן שוין
די נאָר וואָס צעצונדענע קלעצער;
פלאַמיקע צונגען — עקסטאַז פון המון,
עקסטאַז פון די הייליקע העצער.

סע טוט אים אַ טראָג, ווי אויף פליגל אָט־דאָ,
פון פײַער — ווערט רויך און טומאַנען.
קלאָר איז: געקומען זײַן שעה —
ער וועט נישט אַרויס אויך פון דאַנען.

גראָבט ער דעם קאָפּ אײַן אַלץ טיפער אין זיך,
די חלום־קאָשמאַרן פאַריאָגן!
באַשײַנפערלעך שפּירט ער דעם פײַער אויף זיך, —
ער עפנט די אויגן, ס׳נעמט טאָגן...

2
מערט זיך דער אומרו אין זעל
און האַרץ מיט אַ שווערקייט ווערט פול.
גוף ווי אַ דעמב, וואָס צעבראָכן פון שטורעם.
ווילט זיך אים וואָגלען אַריבער סוף־נאַכטיקן גבול,
נאָר ס׳שלעפּן די פיס נישט דעם גוף, די קייט פון יסורים
בינדט אים צו צום בוים־צו — אַ חיה געפאַנגען;
די טרוקענע ליפּן דאָרשטיק צעעפנט
און ס׳טריפן פון צווײַגן די טויען,
ער שטרענגט אָן די קרעפטן,
וואָס צאַנקען,
און ס׳ציט אים אַרונטער — אַ בוים,

וואָס פון האַק איז געטראָפן.
אין סאַמע פאַרטאָגיקן בלויען —
ווילט זיך אים שלאָפן, נאָר שלאָפן.

נאָר אָט — אין פאַרטאָגיקער שײַן,
ווי נאַכט וואָלט געעפנט אַ ליכטיקע טיר,
פאַר זײַן בוים האָט ער דערזען
אַ פאַרוווּנדערטער,
ווי ס'שאַרט זיך אויף אַלע פיר
אַ פאַרוווּנדעטער,
און אין טראָפנדלעך זײַן בלוט
אויף גראָזן ער פאַרזייט.
איז ער פון ליגאָרט
שלומערדיקערהייט
אַרויסגעקראָכן,
אָנגעריסן פרישע פאַלמע־בלעטער
און מיט זיי די ווּנדן
פון פאַרוווּנדעטן — פאַרבונדן.

...נאַכט האָט זיך געקליבן
מיט שאָטנס־קאַראַוואַנען שוין אין וואַלד,
און ווילד אַרומגעטריבן
טאָרערסעס געשטאַלט.

דע־טאָרערס — נישט אַליין ער,
מיט אים אַ שווערע וואַך.
דעריבער איז געהיימער
איצט די נאַכט...

3
— ...בײַם אַרײַנגאַנג־האַלב
פון פעסטונג־טיר,

ווי אַ קאַלב,
אַ שוואַרצער הונט,
די צונג אַרויסגעבלעקט,
און ווי ער וואָלט געפרעגט
דע־טאָררעסן:
„ווער ביסטו, ווער?"
— גרייט אַרײַנצולאָזן, —
אַרויסגיין אָבער שווער!

אין ווינקלען פון סופיט
אַ שפין אין שפינוועבס היט
די טונקלקייט פון צעל.
אַ שפּאַן און צוויי — און צוריק.
די גרויס — אַן אויגנבליק —
דע־טאָררעסעס געצעלט.

טאָ צו וואָס דאָס אײַלן זיך
פון ברעג צו ברעג? —
פיר איילן איז
די גרויס — זײַן וועג:
פון פענצטערל צום טיר,
פון טיר צום פענצטערל,
קריכט אַרום אויף אַלע פיר
אַ קליין געשפּענסטערל.

אַ פּאַרזעעניש
מיט אויסגעקרימט געזיכט,
שפּילט אין בלענדעניש
פון אָוונטליכט.

— רופט ווער אים?
— סאיז עכאָ נאָר;

— חלומט אים?
— עס איז די וואָר!

זײַן מאַמע זיצט מיט אים
אַצינדערט־אָ
און רעדט מיט אים
אין אָוונט־שעה:
„זון, מײַן זון!"
— זאָגט זי צו אים;
ער הערט זיך צו, —
עס איז איר שטים.

— ווו קומסטו, מאַמע,
דאָ אַהער?...
ברענען פלאַמען
און נישט מער.

— וואָס טוסטו, מאַמע,
דאָ אַליין?...
ברענט אין פלאַמען
איר געוויין. — —

4
קלאָרער און גענויער
מורמלט אים אין אויער
שטים פון גרײַזער פרוי:
ווי רויש פון ווײַטע ימען,
דאָס קול פון אַלטער מאַמען,
זי זאָגט צו אים אַזוי:
„דער אָוונט בלויט,
נאָר שוואַרצע שטיקער קויט
איך זע, דער ווינט,

ער וואַרפט אין פנים דיר,
מײַן קינד, —
זון מײַנער געטרײַער! —
און דאָ איז אַלץ נאָך פײַער,
פײַער, פײַער, פײַער." — —

און ווי עס וואָלט אַ כמאַרע
אָנגעקומען פון די ימען
און אָפּגעמעקט די מראה
פון דער מאַמען —
האָט ער זי אומגעזוכט,
איר קול געוואָלט נאָך הערן,
און אָנגעטאַפּט אויף אייגענעם געזיכט
נאָר אירע טרערן. — —

נישט געווען מיט אים איז קיינער ניט.
שפּין אין שפּינוועבס האָט געהיט,
טרער פון מוטער האָט געגליט.

און שווערער נאָך האָט טונקלקייט
ס'ליכט פון פענצטערל פאַרהאַנגען,
און נאָך אַ מאָל אין ליכטיקייט
איז מאַמע־מראה אויפגעגאַנגען:
זי איז צו פוסנס דאָ געזעסן,
אַלט און אײַנגעבויגן,
געווישט מיט טוך געבלימלטן
די אויגן
און אים — דעם האַלב־פאַרדרימלטן,
זי גלעט דעם פּנים מיט דער האַנט,
און טרערן שטראָמען, שטראָמען נאָך אַנאַנד. — —

נאָר מאָדנע: מאַמע־פּנים, ווי צערינט,
אָט געווען — און אָט פאַרשווינדט!

...פון ווײַט האָט ווינט אַהער געבראַכט
זעונגען־דערזעונגען אין נאַכט...

און נישט זײַן מאַמע נאָר
האָט ער געזען מיט אים אין צעל,
ס'איז געווען מיט אים דער דור,
וואָס זוכט די טיר פון נײַער וועלט.

דעם שארית פון זײַן פאָלק האָט ער געזען,
געיאָגט פון פלוך פון תּוכחה אַהער;
עס וואָלקנט זיך דער הימל אָן,
און מחנה מערט זיך מער און מער.

וואָגלער־מענגע טרויעריק געטריבענע
פון ווילדן צפון־ווינט — אין ים.
און די וואָס נאָך פאַרבליבענע —
אין רצועות וויקלען זיך פון פלאַם.

טאָלעדאָ, היים זײַנע, בײַ שולן חרובע,
אײַנגעקנוילטע איינס אין אַנדערן,
ייִדן־כּיתות האָפנונגסלאָזע, אָרעמע,
מיט איין באַגער נאָר — וואַנדערן.

זיצן זיי און וואַרטן אויף אַ נס, —
נס גייט אויף אין נעפּלען פונעם ים.
און פאַר וועמען איז דער נס?
נאָר איין מעת־לעת
זיך צו איבערענטפערן דעם פלאַם.

פלאַם איז אויפלייזונג, אויסלייזונג און סוד.
— ווי זיס באַהעפטונג איז מיט אייביקייט און גאָט!

און ער איז דאָ אַליין, אַליין מיט זיך אין צעל,
און אויך זײַן האָפענונג זיך וואַלגערט אויפן שוועל.

און ווי עס וואָלט געעפנט זיך פון ערגעץ ווו אַ רער,
האָט טיף אין דער נשמה זיך געגאָסן טרער נאָך טרער.

נאָר טרוקן איז זײַן אויג געווען
און ווי דורך נעפּל אַלץ געזען
חזיונות־זעונגען אין נאַכט,
וואָס ווינט אויף פליגל האָט געבראַכט:

רויִנען פון זײַן היים. די שול,
דער מקדש פון זײַן פאָלק,
פאַרוואַנדלט איז אין קירכע שוין,
און דאָרטן ווו ס'האָט אומגעשוועבט אָן גבול
פון תּמונהלאָזן גאָט די אומזיכטיקע קרוין,
הענגט דאָס בילד פון דעם געקרייציקטן,
מיט אויסגעווייִנטן קראַנקהאַפטן געזיכט,
אומגעקומענער פאַר זינד דער איינציקער,
צו וועלן אויסלייזן די וועלט דורך זיך...

5

— ...וויי צו אונדזער אומה,
וואָס זעט קיין צייכן פון זײַן האַנט!
רופט די קלאָגערקעס, זאָלן זיי קומען,
אונדזער הייליקייט פאַרוואַנדלט איז אין טומאה!
אונדז שיצט קיין פעסטונג נישט, קיין וואַנט!
ביז וואַנען וועלן מיר מלחמה־שופר הערן?
איז נאָך אַלץ נישט פול
כּביכול־כּוס מיט טרערן? —

ברומט מײַן האַרץ אין מיר — און וויינט,
נאָר פון קלאָגן איז עס שוין פאַרשטיינט!

מיר ברעכן זיך אין יעדן בראָך
און ציטערן ווי בלעטלעך אין אַ ווינט,
אומגליק יאָגט אונדז נאָך,
און פלאָנטערט אונדז די טריט, —
זיי קענען אַלץ אַוועקנעמען, —
נאָר ד י ך פון האַרצן — ניט!
„הקדוש ברוך הוא לבָן של ישׂראל."
— דו ביסט אונדזער האַרץ,
און דו ביסט אונדזער גואל! — —

— ...דערנאָך האָט קראַנקע זעל
אין תּפיסה־גוף זיך איינגעשלאָסן,
געשוווּמען שטיל צו לעצטער שוועל,
און נאַכט האָט רו אין איר געגאָסן.
רגעס נאָר אין זיך פאַרקנוילט,
אין גאָרנישט־אָפּגרונטן פאַרזונקען
נשמה האָט מיט פולן מויל
פאַרגעסנהייט געטרונקען.

נאָר אויפגעגאַנגען איז אַ וואַל
פון אומרו־ים אַרויסגעדרונגען,
און אויפגעעפנט נייעם קוואַל; —
פרייד פון לעבן האָט געזונגען
יחוד־שירה צו אלהות,
געוויינלעך ווי אינזעקטן זינגען,
טראָפּנס גאַל מיט אַל־געַנוס
אין רעגנבויגנדיקע רינגען
אומגעקרייזט אין אַלע ספערן,
און אַ לייטער — שטראַליק־דין,
קאָפּ דערגרייכט שוין סוד פון שטערן
און פוס נאָך שטעקט אין אומזין־זין.

רגע דאָזיִען האָט געפונען
סאַמע סוד פון לעצטע פרווון,
און נאָך אַ רגע וואָלט פאַרשפּונען
ערדיש זיִען מיט הימל־כּרובים,
ווען נישט דאָס פלוצעמדיק געקרעכץ
פון שטומען שלאָס בײַם קריץ פון שליסל. — —

און צווישן שאַרף פון גוטס און שלעכטס
איז טאָררעס ווידער שוין צעריסן. — —

6
אין ווירייִישן סאַלאָן
פון גרויסגעוועלטיקער קאָלאָן,
מיט גראַטעס גאָלד־באַצירטע,
און מיט זונענשײַן,
פירט מען דע־טאָררעסן אַרײַן.

ווילד־פאַרוואָקסן איז ער,
די באָרד פון קופּערבלעך,
נאָר די אויגן — שטעך
פון מיטאָג־שטראַלן הייסע.
און בעת ער
קוקט אַרום זיך,
ווי ער וואָלט
אין וואָס זיך איצט דערמאָנען, —
קלינגט באַקאַנטע שטימע
פון קאָלאָנען:

— „און דו,
מיט אויסטערלישער מראה
מיט אויגן שטעכיק־שטאַרע,
ווער ביסטו, ווער? —

דע־טאָררעס:
אַ וואַנדערער.

קאַלאַן:
ביסט אַ מאָל נישט אַהאַסווער, —
אַלע מאָל אַן אַנדערער, —
וואָס אין אַלע צײַטן,
און אין יעדן פײַער
גיסט ער צו מער אויל?

דע־טאָררעס:
יאָ, יאָ, ס׳איז דער
מיט ברענענדיקע ווונדן,
וואָס טראָגט אין זיך דעם גרויל
פון פײַערדיקן שטאַם,
וואָס האָט די שפּאַניע־הימלען אָנגעצונדן;
גערופן האָט דאָס בלוט פון ברידער מײַנע
פון די שײַטערן, —
און ס׳איז אין ערגעץ נישט דערגאַנגען.

קאַלאַן:
ביז עס איז דאָס בלוט־געשריי
אין דיר איצט אויפגעגאַנגען?

דע־טאָררעס:
די האָפענונג אומשטערבלעכע
פון די עלטסטע פון מײַן פאָלק.

קאַלאַן:
האָפענונג, נחמות,
רפואות פאַר צעבראָכענע נשמות, —
דו מיינסט דעם טרוים פון נײַער צײַט!

דע־טאָררעס:
דעם חלום פון משיח.

קאַלאַן:
אין געשטאַלט פון אַ שליח?

דע־טאָררעס:
אַ מאַן פון אומבאַקאַנטער פרעמד,
וואָס האָט אין דורשטיקייט נאָך ים
די ווינטן אײַנגעשפּאַנט
אין זעגלען פון זײַן שיף,
און האָט די ברידער מײַנע
אין לעצטער העמד
און לעצטער האָפענונג
מיט־זיך גענומען אין זײַן חלום־לאַנד.

קאַלאַן:
דער מאַן פון פרעמדער ווײַט,
דער ימען־דאָרשטיקער,
האָט האָפענונג אומשטערבלעכע
פון וואָגל־זין נישט אָפּגענאַרט?

דע־טאָררעס:
נישט אָפּגענאַרט, מײַן האַר!
איבער שטורעם איז דער מאַן געגאַנגען,
ווי אויף דער אויבערפלאַך פו דער יבשה;
אַ דאַנק דעם ווילן פון מײַן גאָט,
דעם ים געשפּאָלטן מיט זײַן האַנט,
און דורך וואַסערבערג
די שיפן זײַנע דורכגעפירט
צום צוגעזאָגטן ברעג.

קאָלאָן:

און נײַע ערד מיט שפע אָנגעברייט,
מיט גאָלד אין אירע אינגעווייד,
דאָס לאַנד פון האָניק און פון מילך,
איז נישט גענוג נאָך מילד
צו קינדער די פאַרוואָגלטע
פון מנוחה־זוכנדיקן פאָלק?

דע־טאָררעס:

גענוג מיט מילדקייט איז דאָס לאַנד
און שפע איז פאַראַן
פאַר יעדן גענוג,
נאָר פרי אויך דאָ האָט נויט־דערשלאָגענער
פײַן אַ פולן קרוג
זיך אָנשעפּן גענומען.

קאָלאָן:

נישט געפונען האָט ע ר
פאַר זײַן אויסדערוויילטן פאָלק,
קיין אַנדער וועג, —
און נאָר זיי פלוכן;
רעד, דע־טאָררעס, רעד,
און ווײַטער, וואָס? —

דע־טאָררעס:

ווײַטער איז געווען די וואָג
און מאָס
פון דיעגאָ־דע־אָראַנאַ. —
צו וואָס דערמאַנען?
סע איז די שטראָף פון גאָט געקומען,
און ס'איז ברידער
קעגן ברודער אויפגעשטאַנען!

קאַלאַן:
און וויסן מעג
דער רעטער פון זיך טרינקענדע
ביַים ברעג,
אַז נאָר פּאַר אומגערעכטיקייט
שטראָפן שטראָפט זייַן רוט,
און מיט גערעכטיקייט
ער טוט
דאָך משפּטן די וועלט!

דע־טאָררעס:
גערעכטיקייט, וואָס שטעלט
איר הערשאַפט אויף אין נידערלאַנד
פון שוואַכן...

קאַלאַן:
מלחמה רופט אַרויס מלחמה,
טוונגען און זאַכן
בייַטן זיך, נאָר נישט די גרויסע טאַטן.

דע־טאָררעס:
גרויסע טאַטן זענען קליין,
ווען אויסגעהוילט פון גוטס.

קאַלאַן:
גוטס און שלעכטס,
ווי פרייד און וויי, —
פאַרויסבאַשטימט פון הימלדיקער האַנט;
און ס'איז יעדערער
צעטיילט אין צוויי,
ווי ים און לאַנד.

דע־טאָררעס:
אויףביידע וועגן גיין —
פון גוטס און שלעכטס,
איז ווי איינער גייט נישט לינקס, נישט רעכטס,
נישט וועגן צוויי, דער וועג איז אײנער,
און וועג פון גוטס —
איז וועג פון שטיינער...

קאַלאַן:
ווי ים מיט ווינט טוט שפּילן,
שפּילט דעם מענטשנס פרײַער ווילן, —
מענטש אויף לויפנדיקער ערד!
ווי קליין זײַן גאַנג, ווי קורץ זײַן טראָט,
ווען אַלץ געמאָסטן ווערט
מיט דער אַלמעכטיקייט פון גאָט!

דע־טאָררעס:
קליין דעם מענטשנס גאַנג,
ווען אָפּגעטיילט פון נעכטן;
מענטשנס טראָט טוט פלעכטן
צײַט און רוים; נישט קעגנוואַרט,
אָ, מײַסטער,
איז די מאָס פאַר מענטשנס טאָטן!
ווי אין אַ קוואַל באַווײַזט דער
הײַנט דעם פּנים פונעם מאָרגן, —
דער דרײַעק — די דרײַהייליקייט:
עבר־הוה־עתיד, — מענטשנס מאָסן —
מענטשנס גאַנג צו אייביקייט;
ווען מענטשנס גאַנג איז אָפּגעשלאָסן
אינעם קרײַז פון אייגן גיין נאָר אָן אַ טאָלק —
פירט דער וועג צו בלינדקייט,
וועג פון יחיד צי פון פאָלק.

קאַלאַן:
לעבן! — דער חילוק וואָס? —
געבוירן נעכטן צי ערשט איצטער,
צי טרינקסטו ווײַן פון לעבנס־קוואַל,
באַשיצער ביסטו, צי באַשיצער,
אַלץ איינס: עס שטאַרבט דער קלוגער,
ווי דער נאַר.

דע־טאַררעס:
אָ, ניין, מײַן האַר!
דערפאַר איז גוטע טווּנג מענטשלעכע
נאָר וויכטיק,
וואָס ווערט פאַראַנקערט אין געשיכטע!

קאַלאַן:
און אויב לעבן, — איז בעסער שוין
צו זינקען, —
איידער טויטערהייט
אויפן אויבנאויף צו שווימען!

דע־טאַררעס:
און אין אָוונט־שעה פון לעבן דײַנעם,
וועסטו נאָכזוכן די גוטע טאַט,
און וועסט פרעגן: „האָסטו ליב געהאַט?" —
אויב יאָ, —
וועט זיך אויפמאַכן פאַר דיר
אין לעצטער שעה
די לײַכטנדיקע טיר
פון אייביקייט!...

קאַלאַן:
אייביקייט! — דער משכון איז ער אײַערער

פאַר רגעס רו אָט־דאָ פון דאַיִקייט;
און איר, נאָר איר, האָט אויסגעטראַכט
די אייביקייט, אַ בײַטש אַקעגן פײַערן
וואָס פאַרצערן אײַך די חיה־שעה,
די לעבעדיקע, אייביק־דויערדיקע ווײַל!
און איז דען נישט דער וואָלקנזײַל
אויך מיט פאָלק מיט אײַערן
אין מדבריות אַלע מיטגעגאַנגען?
און בלינדער נאָך און פינצטערער געמאַכט
דעם גאַנג צום דויערדיקן מאָרגנלאַנד?
און פאַר אײַך — פאַר וואָס האָט זיך דאָס טויער צוגעמאַכט
איידער נאָך איר האָט פון באַרג דערזען
דאָס לאַנד דאָס צוגעזאָגטע? —
און אָט — אין חורבות לעבט איר,
און ווו איר נעכטיקט נישט —
דאָרט טאָגט איר!...

## דע־טאָררעס:

און איטלעך מאָל, ווען ס׳האָט זיך אויסגעדוכט:
מיר קומען אום, צעפלינדערט האָב און גוטס
און אָפּגעווישט פון דר׳ערד דאָס אָרעם הויז; —
און סאַראַ צאַנקעניש! — מיר גייען אָפּ אין בלוט! —
און זעט נאָר אַלע, ווי מיר גייען אויס, —
ווי ליכט — יום־כּיפּור־ליכט אין זאַמד! —
און דאָך האָט ווער, ווי דורך אַ נס, זיך אויסגעזוכט,
און פון ס׳נײַ אַנטדעקט פאַר אונדז דאָס צוגעזאָגטע לאַנד!...

## קאָלאָן:

איר זענט ווי שטיינער נאָר
אין שטיינהאַקערס האַנט,
אַז ער ווילט מויערט זיי אײַן אין וואַנט,
און אַז ער וויל — צעשטערט ער זיי...

און פונקט ווי דו, אַט־איצטערט־אָ
פון געבײַען נײַע דער צעשטערער,
איז געווען בײַ אײַך אַ מאַן אַ מאָל,
דײַן לערער,
יוחנן בן שמעון — איז זײַן נאָמען געווען,
איז ער געווען אַ מײַסטער אין צעשטערן...

דע־טאָררעס:
דעם כּוהן גדול הורקנוס דו מיינסט.
נאָר ווייסט דען נישט, מײַן האַר, אַליין,
ווי ער צעשטערן האָט באַדאַרפט,
בכדי צו בויען פון דאָס נײַ!
און זע, אֶל־צבאות זאָגט, —
וואָס געבויט האָב איך, צעשטער איך,
און וואָס איך האָב געפלאַנצט,
רײַס איך אויס;
אומשטערבלעך זענען בלויז דיליידן,
און וואָרהאַפטיק דער צער;
און וואָס איז דען, מײַן האַר,
אַ בינטל פויסטן לגבי לאָגלען גײַסט —
פּאַרוואָר, אָ, מײַסטער,
גלויב, — צו לײַדן איז כּדאי, —
ס'איז אַ געטלעכע מתּנה.

...און ווערדיק־איינגעהאַלטן
דערציילט האָט טאָררעס
פאַר קאָלאָנען,
ווי ער האָט אין וואַלד זיך אויסבאַהאַלטן
אין די הײלן־נאָרעס פון די בערג,
און פון די פעלדזנשפּאַלטן,
ווי אַ חיה שפּירנדיק סכּנה,
צום דורכלויכט טאָגיקן אַרויסגעלוגט,

און אויף בשורות אויסגעקוקט
פון נעפלדיקע ימען.
און נאָר דאָס אויג פון דער לבנה
האָט זײַן טראָט אַרומגעפירט
דורך דעם צווײַגנבראָך פון שטאַמען
אין ווילדערניש פון וואַלד,
און אין שטילע וואַסערן
געזען נישט מער זײַן אייגענע געשטאַלט.

און אין ראַנגלעניש מיט זיך,
געטענהט נאָר מיט אייגענעם געוויסן,
האָט קאָלומבוס, ווי נישט הערנדיק די שטים
פון טאָררעסן, וואָס האָט גערעדט צו אים
מיט ערעפורכט
און וווּנדערלעכן אמת, —
אויף מאַפּעס פון זאַקוט
אויף ווענט אַרומגעזוכט
אַ רמז,
וואָס דערקלערן זאָל די רייד
פון דעם וואָס האָט באַגלייט
אים אויף זײַן אויסגעחלומטן מאַרשרוט,
מיט בטחון־וואָרט און גלויבן.

און ווי ער וואָלט די שטויבן
מיט די אויגן וועלן אָפּווישן
פון די מאַפּעס פונעם ווינט צעריסן
און אָפּגעריבענע פון צײַט, —
געלייענט די סימנים
פון די וואַסערמײַלן פון דער ווײַט
פון זײַנע וואַנדערנישן,
געצייכנט מיט זײַן האַנט.

ס'איז דער אויסדרוק פון זײַן פּנים
געווען דע־טאָררעסן באַקאַנט —
ער האָט אויף שטורעם־אָקעאַן
נישט איין מאָל שוין געזען
דעם אומפאַרענדערלעכן בליק,
וואָס האָט אין וואַנדערלוסט
קיין מאָל נישט געוווּסט
דעם וועג אויף צוריק.

און געשפּונען זײַנע וואָרטגעוועבן,
האָט דע־טאָררעס במחשבה,
און אויפגעקניפּט די לעבנס־
קנופּן פון זײַן עבר,
און ווי עס וואָלט אַ נביא
אָנגעגאָסן שוווּנג אין יעדן וואָרט,
האָט ער געמאָנט, געוואָרנט און געשטראָפט:

— און ס'איז געווען אויף נײַער ערד
געזעץ פון פויסט און שווערד,
אָדלערשפּרונג און פלאַטער פון אַ טויב
אין ראַנגלעניש,
צאַנקעניש
פון שוואַכן;
וועג פונעם באַצווינגער
און באַדריקער. —
און צו די שײַטערהויפנס —
דער צוריקקער — —

קאָלאָן:
און נישט דער וועג געפלאַסטערטער
צו גאָט?

דע־טאָררעס:
אין רײַטוואָגן פון גאָלד,
איז גאָט אַליין שוין אײַנגעשפּאַנט,
אמונה — אוצר הייליקן פון אומות —
מיט בלוט באַקראָפּלט,
און אין שאַנד...

קאַלאַן:
אמונה פון די יידן ווילדע
מענטשנקינדער
פונעם וואַלד, —
אומגליקלעכע זינדער! —
פאַר זיי דאָ טעמפּלען אויפגעשטעלט,
און די וווּנדן זײַנע
אויפגעדעקט פאַר זיי,
און אין הערצער די פאַרוואָקסענע
גנאָד פון זײַן גוטהאַרציקייט פאַרזייט...

דע־טאָררעס:
און אויך נקמה־קערנדלעך
פאַרפלאַנצט אין הערצער
די צעאַקערטע פון לייד;
און אין דעם אומבאַשיצטן אויפגעקאָכט
דאָס בלוט;
און זײַן ווייגעשריי פאַרוואַנדלט
אָן אַן אָפּהילך אין די בערג...

קאַלאַן:
און ווּו האָסטו דײַן נפש הינגעטאָן
פון צאָרנדיקן האַס
און אויפגעזידטן היידנבלוט
אין גלוסטיקייט נאָך מאָרד? —

דע־טאָררעס :

ווי אַ טײַך, וואָס צווישן פעלדזן
פו די בערג, בין איך געגאַנגען —
זוכנדיק מײַן אָנהייב,
און נישט וויסנדיק וווהין
עס וועט פאַרטראָגן מײַן געביין ;
און איך בין געבליבן דאָ אַליין,
מײַן האַר,
אין ווילדער פרעמד,
אין אָנגעזיכט פון מעכטיקייט
פון געטלעכן גזר. — —

...אין וואַלד, אין פריבאַגין,
ווי דורך נעפל, כ'האָב געזען
די מחנות יאָגנדיק אָן זין.
עס האָט געברענט, געברענט,
דער וואַלד, מיט בוים און גראָז,
און קיין וואָרצל פון די פרעמדע
האָט דער בראַנד דאָ נישט געלאָזן,
און ס'האָט אויפגעטאָגט גאָטס וועלט,
די זון איז אויפגעגאַנגען, ווי אַ פלאַם
פון שײַטערן, אַדאָרט אין ווײַטער היים,
און גרויס ווי די אומענדלעכקייט פון ים
האָט געטראָגן זיך דאָס מענטשלעכע געוויין...

קאָלאָן :

און וועלכע גאָטגעבענטשטע האַנט
האָט דווקא דיך אויף נײַער ערד פאַרהיט
אָפצוהיטן שפורן בלוטיקע
פון אַלץ פאַרדאַרבנדיקע טריט ?

דע־טאָררעס :

מײַן האַרץ האָט נישט געקאָנט

אין שותפות גיין מיט זייער טאַט:
וואָרעם נישט נאָר ריַיכקייטן
געזויגן האָבן זיי
פון דורותדיקע בערג,
און אוצרות די פאַרבאָרגענע
פון זאַמדן אויפגעזוכט, —
ניַיערט אויך דאָס בלוט פון מאַרך
געזויגן האָבן זיי
אין דורשטיקייט נאָך מאַכט...

קאָלאָן:
און דו האָסט זיך בכן
אין שעפּסנפעל פאַרקליידט,
און אין אַ צדיק זיך פאַרשטעלט?

דע־טאָררעס:
חוזק נישט פון ריינקייט מענטשלעכער
און אויך דעם צדיק לעסטער ניט,
דען תמיד איז ער אָנגעברייט
דאָס העכסטע אָפּצוגעבן, —
זיך אַ קרבן ברענגען
פאַרן אמת פון דער וועלט.

קאָלאָן:
פאַר דעם דערשלאָגענעם,
און פאַר דעם וואָס האַלט ביַים שטאַרבן,
איז טרייסט אויך היילונג פאַר זיַין זעל,
און ס'מעג דיַין וואָרט —
אַ מעסער שטרעקן זיך
אַלצדינג צו פאַרדאַרבן, —
ער וועט נישט איבערשניַידן
פאָדעם גאָלדענעם פון טרוים.

דע־טאָררעס:

האָסט איבערגעשפּאַנט דעם גבול
פון אומדערגרייכבאַרן,
די גרענעצן פון טרוים,
טרוים איז ווי גן־עדן־פּרוכט
פאַרבאָטן צו פאַרזוכן;
נישט פאַר דעם בעל־חלום
איז די הערשאַפטקרוין באַגערן!

קאָלאָן:

שווער איז מיר צו הערן
דײַנע פײַנגעפּאַסטע, שווונגנדיקע רייד,
געוויסן־זוכער מן הצד,
באַטראַכטער נאָר פון פרעמדער טאַט, —
אָ, זון פון אייביק־טענות האָבנדיקן פאָלק!

דע־טאָררעס:

דאָס ברויט פון צער,
איז זאַלץ פון אייביקייט, מײַן האַר!
ווײַל תּמיד זענען מיר דער צינדז,
וואָס מיט אונדז
עס צאָלן פאַר חטאים
הערשער אַלע און רשעים. —
און דײַן צאָרן, מאַיעסטעט,
איז דאָס קינד,
וואָס אמת מײַנער האָט געבוירן!

קאָלאָן:

פון וואָרט דײַנס שווערדנשאַרף
באַהאַלט צוריק אין שייד,
וואָלקנטרײַבער דו,
אין דער נישטדאָיִקייט פאַרלוירן!

קאַלאַן:
און דער וואַלקן, וואָס מיט זונאויפגאַנג פאַרגייט,
איבערלאָזנדיק אויף פעלדער גראָזיקע זייַן טוי,
וועט אין וואַלקן ווידער זיך פאַרוועבן,
און אויפגיין וועט ער נאָך אַ מאָל
אין האַלבן טאָג
מיט שלאַקסרעגן אויף דר'ערד. — —

...און די לעצטע ווערטער זייַנע,
ווי ער אַליין נאָר, טאַררעס, וואָלט געהערט,
אין רויש פון קלאַנגען ווילדע,
וואָס דורך טירן שווערע
געטראָגן האָבן זיך אַהער אַלץ נעענטער און מערער,
ווי אָנזאָגער פון שטורעם;
און ווי אַ כוואַליע, וואָס אָן פעלדזנבערג צעפּאַלט,
איז שטיל געוועןן אַן אויגנבליק משונהדיקער רויש
און נאָך דעם העפטיקער האָט יובלדיק געשריי
געשלאָגן זיך אָן טויערן פון טורעם,
ווי האָגל אין אַ וואַלד,
און וואָיענדיקער פייַף פון פליִענדיקע פייַלן,
ווי יאָמער פון שאַקאַלן,
האָט אָפּגעהילכט אויף מייַלן,
אין זיך קייַקלענדיקע וואַלן.
און ווי צו אַ שׂריפה אין טאָלעדאָ,
האָבן גלעקער זיך צעקלונגען. — —

7

...און טאַררעס אין אַ שלומערדיקן שווייַגן,
אין תּפיסה־צעל פאַרזונקען,
האָט טיף אין זיך פאַרנומען נאָר דעם צאָרן,
פונעם קאָכעדיקן בלוט
פון אויפגעצונדענע המונים נאָך נקמה.

— „ווי טויש דער אייביקער פון טעג און נעכט, —
האָט ער געטראַכט, —
קומט פאַר די אייביקע מלחמה
פון געוועלטיקער און קנעכט,
און ס'קומט אויך באַנײַונג פאַר
פון גײַסט דעם מענטשלעכן פון דור צו דור...״

און ווען קאַנאָנען האָבן אויפגעקראַכט,
און שטורקאַצן האָבן הימלען אָנגעצונדן,
ווי אין אויסטערלישן זונפאַרגאַנג, —
איז מוראדיקע זעונג אויף דער וואָר
ערשט אויפגעגאַנגען קלאָר
אין טאָררעסעס געדאַנק.

...און ס'האָט האַרמאַטן־שיסערײַ
פון די געוועלטיקער אויף נײַער ערד
די קולות פון המונים אײַנגעשטילט,
די שלאַכט האָט אויפגעהערט,
ווי אָפּפלוס נאָך געוויסער. —
און ווידער האָט די נאַכט פאַרהילט
די פעסטונג פון דער תּפיסה...

8
אינדיאַנער האָבן באָרוועסע אַרומגעפּלעטשערט
אויף דערנער־שטעגעלעך אין וואַלד.
און באַלד האָט קריגערישער האָרן זיך צעשאַלט.
— „ווער ס'באַהאַלט זיך, וועט פּײַל פון אייגענע
נישט שאַנעווען דעם מינדסטן!״

און פון פינצטער־טיפע ראָוון
ווי פון טיפן פון דער נאַכט אַרויסגעשאָסן, —
מחנות, מחנות, מחנות.

און ס'האָבן אָפּהילכן צעקנוילטע
אין חלל אויפגעקראַכט, צעשאָטן זיך ווי שרויט,
און ס'האָט זײַט בײַ זײַט געשאָטנט זיך דער טויט...

צו טאָג־צו פול געוועז דער וואַלד איז
מיט גוואַלד און קלאָג־געשרייען ווילדע.
די זון אַ מילדע, און ווי תּמיד זשאַרעדיק
אין טראָפּיק, האָט טראָפּנווײַז, ווי פון אַ קרוג
באַקראָפּלט מתים־בערגלעך
גלידערדיק געברידערטע אין קופּעס. — —

9

...אַ סטאַיע זומער־פייגל איז געפלויגן
פאַרפּאָלגט פון אַ פאַלקאָן.
און ס'האָט דער העלער הימל־בויגן
אין סאַמעט־בלאָ זיי אָנגעטאָן...
עס האָט נאָכגעשפּירט דאָס פליִען
אין ווײַטער ווײַטעניש — קאָלאָן.
— ווי פלינק און פרײַ די פייגל פליִען, —
נאָר אָט דעריאָגט זיי דער פאַלקאָן!...

פרידלעך־שטיל איז פעלד געלעגן
אונטער זאָרגלאָז זונענפלאַם,
און דורך סטעפּעס — בלויע וועגן
ציִען העט ביז ווײַט פון ים.
מיט די פייגל מיטגעפלויגן,
וואָלט ער אויך צום האָריזאָנט,
נאָר בולט שפּירט ער בליץ פון אויגן
פון זיך יאָגנדן פאַלקאָן.

יאָגט פאַלקאָן, און פייגל שוועבן
זאָרגלאָז, פרידלעך אינעם רוים;

קומען וואָלקנס און פאַרוועבן
גאָלדיק־גרינעם פרילינגבוים ; —
בוים פון פייגלען וואָס פאַרפלויגן
נאָכגעיאָגטע פון פאַלקאָן. — —
(צילט אַ פײַל ווער פון אַ בויגן
גלײַך אין חלום פון קאָלאָן...)

10

אין פאַלאַץ פון קאָלאָן
איז דעמער,
לעם הערשער־שטול
דער לעמפערט דרעמלט,
אָוונט וועבט אַ דינעם טול.

די אויגן אָנגעצילעט
שטאַרע,
אויף איין ווינקל
פון סופיט ;
פון מוח־טונקל,
ווי פון כמאַרעס,
טוט געדאַנק אַ פינקל —
און פאַרפליט.

— ווי לאַנג וועט זיך
די נאַכט נאָך שלעפן,
שטילקייט דראָענדיקע
וועבן ?

לבנה צייכנט
אין אַ ווינקל
אַ זילבער־שײַנענדיקן דיסק.

און עס צעפּינקלט
באַלד אַ שמייכל, —
ס'איז דער שמייכל פון פראַנציסק.
רעדט ער, דוכט זיך,
קוים באַמערקבאַר,
נאָר קאַלאָן דאָ
הערט די ווערטער:
„...און דו זאָלסט פאָרשטן
דײַנע מעשׂים,
זאָלסט זיך נאָכפרעגן
אויף גוטס!..."
— שפּירט קאַלאָן,
ווי עמעץ בײַסט אים,
און ער שפּירט אויף זיך אַ רוט. —

„...און וואָס דו ווילסט,
אַז מענטש זאָל דיר טאָן,
טו דאָס זעלביקע צו אים!..."
— הערט ער ווידער, ווי עס וואָרנט
צאַרטע, ציטערדיקע שטים.

און עס ווילט זיך אים
באַפרײַען
פון די שטראָפנדיקע רייד,
פון די זעונגען
אויף ווענט דאָ,
נאָר עס שטרעקן זיך אויס
הענט דאָ,
און ווי קולות
וואָלטן שרײַען:
„הושענה!..."
„העלף אונדז, העלף!..."

אויך דער זייגער,
ווי מיט טענות,
שווער האָט אָפּגעקלונגען:
„צוועלף!"

11

און ס'איז טאָג געווען
און ס'איז געוואָרן נאַכט
אין תּפיסה־צעל פון טאָררעס,
אַ נאַכט אַזאַ — מיט אויפגעטויכטע
לײַכטנדיקע שטערן.
געדאַנקען מערן זיך און מערן;
וויל ער תּופס זײַן, דערקלערן
דעם זין פון זײַן —
אין פּײַן פון אייביקע פאַרוואָסן,
און דאָס בלוט וואָס איז פאַרגאָסן?
אָט דער טרויעריקער תּוך!...
און נאָך און נאָך.
— מה אנו, מה חיינו? —
אַז לעבן לעבסטו ביגוואַלד!
מענטש, ווי בהמה —
טרײַבן זיך אין וואַלד,
עסן, יאָגן — און פאַרצוקן.
— דער זין פון זינד? —
ווען טווּנג מענטשלעכע איז בלינד!
— און גאָט איז — ווו? און ווער?
— איז ער רחמים? איז ער דין?
צי איז ער דער
וואָס האָט די וועלט
אויף אָפּגרונטן געשטעלט?

...פינצטער, וויסט איז נאַכט געווען,
ס'האָט זיך אַליין נאָר גאָט געזען;
און אין דעם חושכניש־מצרים,
האָט ער באַפעלקערט בעלי־חיים,
פאַרפלאַנצט די וועלט מיט פלאַנצן, גראָזן,
און אויף הפקר זי געלאָזן.

און האָט ער ליב זײַן וווּנדערווערק?
וואָס ברעכט ער פעלדזן, רײַסט די בערג?
און זיך אַליין ער וויל צעשטערן
איידער נאָך ס'גייט אויף אַ שטערן?...
און ווּ איז דען זײַן גרויסע קראַפט?
אין דעם וואָס ער באַשאַפט
בתּנאי,
בכדי צו צעשטערן פון דאָס נײַ?...

און איז ער, גאָט, אָן דמות, אָן גבול
און ער איז מיט רחמים פול
באַגלײַך צו מענטש און חיה? —
— פאַר וואָס איז מענטש נאָר כּולו־חייב?...

טיף האָט טאָררעס מעדיטירט,
געדאַנק אַרומגעפירט
פון אָנהייב נאַכט ביז אָנהייב טאָג.
כּאור הבוקר — האָט ער פון פינגער
אָפּגעווישט דעם שטויב
און געזאָגט צו גאָט אַ לויב:
— אויב שטאַרבן איז באַשערט, —
איז גוט וואָס אים באַשווערט
די תּפיסה־קייט;
אויף ענויים איז ער גרייט,
אויף יסורים און אויף פּחדים

און ער האָט גאָט דערפאַר געבענטשט,
געזונגען זײַן אחד אים...

...און אין שעה, ווען חלום שאַפט גורלות,
גורל־שעה פון שאַפנדיקן חלום,
געטריבענער אין גלות,
אין שלום מיט דער וועלט,
נאָר נישט מיט זיך אין שלום, —
דע־טאָררעס האָט געחלומט
בײַם לעצטן שוועל
פון תּהומים: —
והיה באחרית הימים!...

— מײַן פאָלק אין כּסדרדיקן ענדער,
גוף און זעל באַזונדער.
איך באַוווּנדער דײַן נישט פאַרענדערלעכע
ייִנגקייט, הערשן־פלינקייט בײַ די ראַנדן;
און צום לאַנדן האָט פון אייביק שוין
דײַן וואָגלשיף אַ האַפן!...

## מאַרום טענעבראָסום

1

דער ים, דער בלויער ים —
איז אָנגעגאָסן מיט ירגזון.
פון טיפסטע טיפן
ווינטן בלאָזן
און ס'גייט אַ שיף
פון גאָט פאַרלאָזן.

אויף שיף אין ווינט
געניט און פלינק
קלעטערן מאַטראָסן.

שניידט די שיף געשווינד
אין ים אין אָפענעם
און שקלאַפן פירט
געפאַנגענע
און דעם ווייס־קעניג
קאָלומבוסן,
ווי אַ הירש
פון וואַלד אַנטלאָפענעם
מיט הערנער אָפגעבראָכענע.

אויף מאַסטבוים
שקיעות אויפגעהאָנגענע
ווי אויף תּליות —
קנעכט.

און אין שטילע נעכט
יאָגן נאָך די ווינטן
און זיי וואָרענען:
— אוי וועט דאָ נאָך צאָרענען
דער ברויזנדיקער ים
און נישט איין מאָל אָנגיסן
מיט סם
ס'האַרץ פון אַלטן אַלמיראַנט
ביז ער וועט ווען נאָך אַ מאָל
דערזען זײַן אויסגעחלומט לאַנד.

נײַערט, איצטער טרײַבט
די מרה־שחורהדיקע שיף
נישט צום אויסגעטרוימטן לאַנד
אויף מאַפּעמונדיס
אַ פּאַרצייכנטן
גאונותדיק און בלינד, —
עס טרײַבט דער ווינט
די שיף מיט די געפאַנגענע,
וווּ זונען די פּאַרגאַנגענע
גייען מער נישט אויף.
עס טרײַבט די שיף
דעם ווײַס־קעניג
קאָלומבוסן
צוריק
אין קעניגליכן הויף.

2
און אויפן דעק פון שיף
דער פינצטערער
אין אַ ווינקל אַ פאַרגראַטעטער
מיט האַרץ

אָן פענצטערלעך צו ליכט
ליגט דע־טאָררעס
אויף זײַן נאַרע
אין קייטן אײַנגעשמידט.

און דער ווינט,
דער ווינט,
מיט שוים
פון אייביקע יללות
באַגלייט דעם ייִד
צוריק אַהיים אין גלות.
צוריק אַהיים —
צום קאָפּ דעם גרײַזן
פון זײַן מאַמען:
צום קינדערטרוים
דעם ווײַסן,
צעפליקטע צויטן צאַרטע
פון די ערשטע פופצן יאָר —
און צו די צונטער־רויטע
צונגענפלאַמען
פון זײַן פײַערדיקן דור.

3

פון ים פאַרשלונגענע
טעג און נעכט —
און די לבנות די דערטרונקענע
אין תּהומען
קוקן אַרויס צום הימל
אויסגעשטערנט־בלויען,
ווי זיי וואָלטן וועלן אים פאַרטרויען
סודות פון אַמאָלן.

נאָר די װעלן
פון די װאַסערטאָלן
שטײַגן,
שטײַגן אױף די היגלען
פון די כװאַליעס־שױמען
װאָס גײען אױף אַלץ העכער
און זײ טורעמען.
און ראַפּטעם, ראַפּטעם
נעמען שטורעמען
די אױבנאױפן
און די אױבערפלאַכן
לאַכן, לאַכן,
לאַכן מיט די ים־גײַסטער
װאָס צוקן, צוקן
טאַנצנדיקע — —
שױמען,
שױמען אױפן רוקן.

און דער ים, דער ים־אוקינוס
װײסט ניט, װײסט נישט פון סכּנות,
ער איז מער נישט ים איצטער;
לויתן איז ער:
אױף קאָראַלן־אינדזל זיצט ער
מיט פּערל־אױגן בליצט ער,
דעם עק אַרונטערגעבױגן
און מיט שופּן גלאַנציקע
באַװעגט ער
רײַסט די שיפן־פּענדלעך —
און װי שפּענדלעך
װאַרפט זײ אין די תּהומען.
און די תּהומען ציטערן
און װי אינדן

לויפן אום די וואַלן,
פאַלן און פאַרשווינדן
און ווידער כאַפּן זיי די ווינטן
און ווי אויף גווינטן
דרייען אָן די לאַבירינטן
און זיי שרײַען —
פון די אונטערטיפן
און זיי קערעוועו
אין אָפּגרונטן די שיפן.

און פון אויפגעמאַכטע הימלקראַנעו
פלייצן אוראַגאַנען אין אומענדן
שיפּל־שפּילעכל פאַרלענדן...

4

אין געהאַקטע ווונדן
צום מאַסט געבונדן
דער קאַפּיטאַן.

אין זיך פאַרזונקען,
נאָר נישט דערטרונקען,
שטאַרט אין שטורעם
קאַפּיטאַן.

5

אין קעניגס נאָמען צו באַפוילן
דעם געשמידטן אַלמיראַנט
קומט דער גלח און פּילאָט :

— „אונטערגאַנג דראָט ! —
און נאָר דו מיט האַנט געניטער

און מיט הילף פון גאָט —
קאָנסט אונדז רעטן פון געוויטער!"

(קאָלומבוס ציטערט)
שטילער שטורעם ווערט
אַ הרף־עין
שטיל און שטילער —
און שטיל אין גאַנצן...
און ווי מענטשנשאָטנס
וואָלטן טאַנצן
אויפן פנים פון קאָלאָנען.
ער וויל די שאָטנס אָפּווישן,
פאַרמעקן
און זיי טונקלען אים
די אויגן, שרעקן,
וויל ער זאָגן וואָס און קאָן ניט,
מיט די אַפּלען בלינצלט
ווי אין נעפל
און די שאָטנס —
שווינדלענדיקע רינגען
פאַר די אויגן שפּרינגען,
שוועבן
און פאַרשווינדן.

און ווידער רוישן ווינטן
און דעם מאַסטבוים
רײַסן מיטן וואָרצל
און די אברים אַלע קאָרטשען
צום אַנידערפאַלן...

נאָר קולות, דוכט באַקאַנטע, שאַלן
אין די אויערן —

קולות אומגעהויערע: —
„האָסט געזאָגט אונדז
דרײַ מעת לעת,
טאָ באַווײַז
דעם גרויסן נס!"...

נישטערט, זוכט ער ווו דאָס קול איז
און אים דוכט עס רעדט דע טאָררעס.
גאַפּעט שטאַרט ער, ווייסט מער גאָרנישט:
חלום נישט און אויך די וואָר נישט? —
— „אונדזער שיף האָט צוריק
קיין וועג נישט!"
עכאָן אָפּ דע־טאָררעס רייד. — —

דאָס קול זיך שפּרייט
און שטאַרקט זיך מערער
און קלערער, קלערער
אַלץ דערהערטער
ווידערהאָלט ער
זײַנע ווערטער:
— אַ בליק אין עבר
דו דערוועג נישט
אָנצוּווענדן!...

## דער גלח:

און ביז דער שטורעם וועט פאַרלענדן
דיך און אונדז
און מאַנשאַפט גאָרע,
ביז שטורעם וועט
דײַן שטאָלץ אײַנברעכן...
אָ, דו טוסט דײַן גאָט פאַרשוועכן!

שטיי אויף און קום,
פון גאָט באַשערטער
און פיר די שיף
צום ברעג געגאַרטן! —

און גלחס קול
ווי ניט דערהערטער —
און זיי וואַרטן, וואַרטן —
און די שיף —
זי קרעכצט און ברעכט זיך,
וואַרפט זיך
און ווי אויף שאַרפשטיין
ווילן שאַרפט זיך — —
(און ביז יאָ און ניין
קען די שיף, חלילה, אונטערגיין...)

אין ים אַ שטיין,
ער זינקט אַלץ טיפער
און גלחס רייד
אַלץ אָן אַן ענטפער.

שיף דעם שטורעם איבערענטפערט
און זי שווימט
אויף גאָטס באַראָט.
ביז
דורך ימען־ברייט
און לענגען
וועט שיקזאַל־האַנט
די שיף צו לאַנד
דערברענגען. — —

## פײַער פון בטחון

1

סאַנטאַ־דאָמינגער קאָנווענט
אין טאָלעדאָ.

ראָמאַנישע אַרקן געוועלבט.
נעבעכדיק בליקט און פאַרגעלט
דער קלויסטער פּאָרטאַל
אין זיך לעשנדיקער ליכט
פון פאַרנאַכט.

קולות פון טאָג
הינטער טירן פאַרמאַכט,
אין גאָרטן נאָך שמאַכן.

צווישןביימער אין רייען,
אין אַלייען
מאָנאַכן.

אין קוואַלעכלעך
וואַסערלעך פליסן
ווי תּפילות
און טײַבעלעך
ברומען אין רו.

שטיל איז.
דער אָוונט דעקט צו

די לעכער
פון אַלטן קאָנוועגט.

פון יענער זײַט פעסטונג
זײַן היים הינטער ווענט. —

דורך חלל פון פײַניקונג־צעל
קוקט טאָררעס
אַרויס צו דער וועלט.

זײַן קינדהייט
ער זעט נאָך דאָרט גיין
איין אַליין
אין פאַר אָוונט,
בײַם אויסלאָז
פון שטאָט.

אויפן זעלביקן שטיין
זיצט זי
און וויינט
מן הסתּם.

און ער איז פאַרשטיינט
און פאַרשטאַרט.
ער וואַרט
אויפן שפּראָץ
נאָר דעם ערשטן
פון שטערן
אַז גאָט זאָל
זײַן תּפילה
פון אָוונט דערהערן.

2

אין ווינקל פון סופיט
אַ שפּין אין שפּינוועבס היט —
דע־טאָררעסעס געמיט.

שווערע טונקלקייט אין צעל.

אַ שפּאַן און צוויי
און צוריק —
די גרויס — איין אויגנבליק
דע־טאָררעסעס געצעלט.

טאָ צו וואָס דאָס איַילן זיך
פון ברעג צו ברעג? —
פיר איילן איז
די גרויס —
זיַין וועג.

פון פענצטערל צום טיר,
פון טיר צום פענצטערל,
קריכט אום אויף אַלע פיר
אַ שטיל געשפּענסטערל.

אַ פּאַרזעעניש
מיט אויסגעקרימט געזיכט
שפּילט אין בלענדעניש
פון אָוונטליכט.

— רופט ווער אים? —
ס'איז עכאָ נאָר? —
אַ חלום איז? —
עס איז די וואָר!

און זע, זײַן מאַמע
זיצט מיט אים אַצינדערט־אָ:
זי רעדט מיט אים
אין אָוונט־שעה.

— זון מײַנער, מײַן זון! —
זאָגט זי צו אים. —
ער הערט זיך צו:
עס איז איר שטים.

— ווי קומסטו, מאַמע,
דאָ אַהער? —
ברענען פלאַמען
און נישט מער.

— וואָס טוסטו, מאַמע,
דאָ אַליין? —
ברענט אין פלאַמען
איר געוויין...

3
אין קעלערס
אין אונטערשטע צעלן
זיך קוועלן
פאַרמישפטע.

שרײַען און וויינען
און בעטן
און מיינען
אַז עמעצער קען דאָ נאָך
קומען זיי רעטן.

שטים פון קעלער:
ציט די קייטן ציט!
ברענט מיט אײַזן, בריט! —
— אַ טראָפּן וואַסער, גיט,
אַ טראָפּן וואַסער, אוי...

שטים פון וועכטער:
באַלד וועט פײַער דיך פּאַרצוקן,
פלאַם שוין בײַסט דײַן רוקן, —
וואָס זשע העלפט דײַן מרוקן?...
עס האָט דער האָן געקרייט, —
זײַ גרייט, זײַ גרייט!

שטים פון קעלער:
גיט קיין וואַסער ניט, קיין וואַסער!
פאַרשאָלטענע, איך האַס אײַך!...
כ'וואָלט אײַך געבן גאַל צו טרינקען,
אַז אין אָפּגרונט זאָלט איר זינקען!
מחבלים פרומע, בלינדע קראָטן, —
כ'וואָלט ווי ווערעם אײַך צעטראָטן!...

שטים פון וועכטער:
שטרעק דורך קראַטן דאַרע הענט.
טרינק פון קרוג און ווער פאַרברענט!

— כאַ־כאַ־כאַ! — אַ ווילד געלעכטער —
און דעם וואַסערקרוג צעברעכט ער.

4
האַלבנאַכטיקע שלווה נאָך דויערט מינוטן.
און ס'רוישן אויף ווידער די בלוטן
אין צעלן פון מוח און צינדן דעם מאַרך פון די ביינער. — —

און ברענגט מען אין צעלן די גלײַקע שטײנער,
טאָרטורן־מכשירים און קאַכיקע וואַסער אין קרוגן.
שטײען מאַרטירער און לוגן און לוגן
מיט גלעזערנע אויגן אָן פּחד, אָן פּחד. — — —
— ווער ווייסט, ווער מיט גאָט
איז זיך איצטער מתיחד !...

בלינדער קעלער־לאַבירינט.
פון סופיט אַרונטער רינט
אַראָפּ
טראָפּ נאָך טראָפּ
אויף דעם אָפּגעגאָלטן קאָפּ
פון פאַרמישפּטן.

שווערע קייט פון דאַרער האַנט
צוגעשמידט איז צו דער וואַנט.
גוף נאָר ביינער ריס אויף ריס
און איבער קנעכלעך פון די פיס
אין וואַסער.

קומט אַ פאָרשטייער פון גאָט :
קרומע אויגן, קרומער שפּאָט.
און אין האַנט אָן מינדסטן ציטער
האַלט ער אײַזערנע צוויי ריטער
און בײַם שײַן פון גראָשן־ליכט
שמײַסט אין קנאָכיקן געזיכט
פון אַפּיקורס.

שטייט פאַרמישפּטער און צוקט
מיט אויגן אויסגעגלײַזטע קוקט
צום דערלייזער פון זײַן לײַב.
רויטע צייכנס תּליון שרײַבט

אויף דעם קרבנס קאָפּ און הענט,
און דער שאַרבן פלאַמט און ברענט
ווי אַ דאָרן פלאַקערט אויף...
הייבט די האַנט זיך אויף און אָפּ
פון יעזויִט.

און דער קרבן דרייט זיך איַין
טרינקט באהבה כּוס פון פּיַין.
אַנגסטיק רינען ריטשקעס בלוט.
אין טיפסטן צער איז אָבער גוט
צו זיַין אַליין, צו זיַין אַליין.
שנייַדן קייטן ביזן ביין,
טרעסטשעט, ברעכט זיך ריפּ נאָך ריפּ
פונעם גוסס.

וויַיסע ריכטער.
ברענען ליכטער
אַ מעת לעת.
שוואַרצע וויַבער
קומען קלאָגן
ביַי דעם וואָגן
פונעם מת.

5
האַלבנאַכטיק יאָמערדיק שוויַיגן.
אַ זינגפויגל אַריַינגענאַרט אין שטיַיגל
האָט געוואַכט אין זיַין שטים
אַזוינס וואָס איז גרעסער פון אים,
געשטאַרקט זיך אַרויס אויף דער פריַי
דורך די שטייניקע ווענט פון קאָנוועגט
און נישט געקענט. —

— איז לײַדן נישט דער קוואַל פון זײַן ? —
האָט ער געפרעגט —
דער אבן שתיה פון דער וועלט ? —
נאָר פינצטערניש איעדע שײַן
פאַרשטעלט
און שרעקט.
און אים איז קאַלט, קאַלט. — —

ס'איז זײַן האַרץ געווען אַ נעסט
פון אַ פויגל אײנזאַמען אין וואַלד.
ווינטן זאַמלען זיך און רײַסן אַרויס
פון דער נעסט שטרוי נאָך שטרוי.

דער אײנזאַמער פויגל — דער טויט —
די פליגל צעשפּרייט.
זוכט זײַן נעסט
אין האַרץ פון דע־טאָררעס.

6
גרינבײמערדיקער דופט
פאַרשוואָלן איז מיט פײַכטקייט.
נאָר ס'שוועבט אַרום אין לופט
אַ דורכזיכטיקע לײַכטקייט.

די לײַכטקייט נעמט דיך מיט
אין הימלדיקע הייכן
און קאָנסט אין איין מינוט
די אייביקייט דערגרייכן.

אייביקייט פון זײַן
געגעבן איז ניט קיינעם.

און פרייד זיך זאַפּט אַריַין
אין קוואַלן פון געווייינען.

מיט בלומען אויסגעשפּרייט איז
דער וועג צו דעם גן־עדן...
נישט יעדערער נאָר גרייט איז
צו הימלדיקע פריידן.

7
פאַרטאָגצו זענען אָנגעפאַלן שעהען
אויף דע טאָררעסן, ווי קעץ ווי שוואַרצע.
געמיאַוקעט פריִער, זיך געלאַסטשעט צאַרטע
און צעקראַקעט נאָך דעם זיך ווי קראָען.

און ער — ט׳געזען אָט־ערשט אַ וווּנדערלעכן חלום
אַ רגע נאָר געדויערט און געאַנקערט אין קאָשמאַרן.
גליוועורדיקע וואַסערן פון דרימל —
פאַרוואַנדלט אין געפאַרן,
און ער מיט שיפל זײַנעם איז אַריבער,
דאַנקען גאָט, בשלום.

געוועז איז נאָך געקלאָג פון פייגל אין דער נאַכט —
פייגל־טרעפערקעס אין וואַלד פון מאָנאַסטיר.
פאַרטאָגצו האָבן זיי אים אָנגעקלאַפּט אין טיר
און ער האָט אויפגעוואַכט.

...אין לאַנד פון מײַן געבורט אָט דאָ ווו כ׳בין
האָב איך קיין פרילינג נישט געהאַט און נישט קיין טאָג.
ווי פון נאַכטפייגל דער ביטערער געקלאָג —
אַזוי איז אויך מײַן טרויעריקער זין.

כּהרף־עינדיקע שעהען פון אַ לעבן:
אויב גליקלעכע, —
וויִ שאָטנס גייען זיי פאַרביַי אויף אָוונטיקע וועגן.
אויב טרויער טראָגן זיי —
אומגליקלעכע —
וואַקסן זיי ווי טיַיכן נאָך אַ רעגן.

8

אָ, דער פויגל! דער פויגל אין זיַין פלאַטער־פליִען
און דער פיש אין זיַינע וואַסער־טיפן!
און ס'לעבט די געטלעכקייט אין יעדער בריאה.
זיַין האַנט איז אויסגעשפרייט אויף שיפן
און אויף שיפל פון זיַין חלום — זיַין האַנט
איז אויך געווען פאַרשפרייט, —
אַניט וואָלט ער ניט
צוגעשווומען צו קיין ראַנד
און נישט געפונען פאַר זיַין חלום קיין באַשייד.

און דער מענטש! דער מענטש, רק ער יאָגט זיך
נאָך זיַין חלום אין בהלה —
און דער חלום — אַ דערשראָקענער — אַנטלויפט.
...און ווידער האָט מיט פיַינגעשריַי
און קללות
זיך אויפגעוועקט דער הויף. — —

9

ווי אַ פעלדז און ווי אַ בוים
געוואָלט זיך איַינוואָרצלען אין ערד.
און איבערשמעלצן דאָרט מיַין שווערד.
אין בליִענדיקן טרוים.

און איידער נאָך דער אַקער
מיט ליבשאַפט האָט געאַקערט
און איידער נאָך מע האָט געזייט
האָט שׂינאה שוין געפלאַקערט
און שווערד האָט זיך געשפרייט.

און צו גאָט דער האַר, אין אימה
כ׳האָב גערופן — אֵין קול ואֵין עונה.

ביז באַפוילן האָט אַ שטים געהיימע:
שטיי אויף און גיי ווי יונה!

בין איך דעם קול געהיימען נאָכגעגאַנגען
בעת דער גרויל גענומען האָט זיך נעסטן בויען.
און וויגעשריי איז אויפגעגאַנגען
אין פרימאָרגנלופט מיט פרישע טויען.

10

די בעסטע טוונגען — אויב נאָר ווידערשפעניקע —
ווי וואָלקנס זענען זיי אין ווײַטן.
דער שענסטער חלום איז דער יעניקער
וואָס אָנגעטאָן איןווירקלעכקייטן.

דאָ ליגן זיי, די טוונגען, צעפרעסענע ווי ווערעם
און מענטשלעכקייט דאָ וואַלגערט זיך אין מיסט.
דעם מענטשן זע — כאָטש נעם פאַרקער אים! —
דאָס וואָרט דאָס געטלעכע פאַרוויסט —
אַ מטבע אָפּגעריבן.

און וואָס איז דיר פון אַלע טוונגען פאַרבליבן?

אין אומדערגרייכטע וואַנדערנישן מײַנע
דערגרייכט האָב איך דעם ציל פון וואַנדער.

און וואָס איז דען אין לויף דעם מענטשנס טענות,
אויב נישט דערלויפן צו די ראַנדן ? — —

און אָט בין איך דערלאָפן
און ס׳עפנט זיך פאַר מיר די טיר פון די אֵין־סופן.

— אַ דאַנק דיר גאָט, פאַר אַלע דײַנע גנאָדן ! —
ענדלעך, ענדלעך ווערט מײַן פּײַן דאָ אויסגעלאָדן.

11
צו שחרית האָט מכין געווען זיך דע טאָררעס.

די זון אין גאָלדענער עטרה
און מיט גאַרטל בלוטיקן אַרומגענומען —
ווי אַ מוטער אין עת־צרה —
איז צו אים אין צעל אַרײַנגעקומען.

און ס׳האָט באַקן גענומען
דער הייסער זומערדיקער טאָג,
וואָס אין טאָלעדאָ טרעפט ער זעלטן.

און ס׳האָט די ווילסטע אָרעמקייט
געטאָן זיך אַזאַ יאָג
פון ענגע שטיקנדע געצעלטן
צום הויף פון סאַן־דאָמינגער מאָנאַסטיר
ווו ס׳האָבן שײַטערן געברענט שוין...

ס׳האָט יעדע שווערע צעלנטיר
אַרויסגעשפּיגן אומגליקלעכע מענטשן
אין בראַנד פון זומערדיקן טאָג,
וואָס האָט געפּרעגלט זיך אויף שײַטערס.

אַ צעשראָקענער געקלונגען האָט דער גלאָק
און ס׳זענען אָנגעלאָפן רײַטערס. —

און פול ווערט קלויסטערדיקער הויף
מיט מאָדנע גאַפנדע געשטאַלטן.

אַזאַ ווילדער זיך פאַרוויַלנדיקער אָנגעלויף
וואָס נישט בכוח קיינער נישט פאַרהאַלטן.

12

און אָט לאָזט זיך אין גאַנג די טראַגישע פּראָצעסיע,
מיט צלמים רויטע און מיט מיצן שאַרף פאַרשפּיצט.
(ממונים פונעם העכסטן טריבונאַל)
קרוציפיקסן אין דעם זונענגלי צעבליצט
און אויגן בלינצלען ווי ביַי וועלפיכעס ביַי נאַכט.

דע טאָררעס האָט די גרוילן־פּאַנאָראַמע
דורך שמאָלן פענצטערל אין גורל־וויי באַטראַכט.

...נאָר זע, ווי פּלוצעם קומט צו אים זיַן מאַמע.
זי לעבט, די אַלטיטשקע, זי לעבט, געלויבט
השם יתברך! — זי דערנענטערט זיך, באַגריסט
און קניט אַוועק דאָ פאַלנדיק אין שטויב
און רחמים בעט ביַי יעזוס קריסטוסן:
— דערבאַרעם זיך אויף אים!
— ער ווייסט נישט וואָס ער טוט!
דריַ מאָל געצלמט זיך — און אויפגעשטאַנען. — —

ווי מאָן צעבליט ביַי טאָררעסן דאָס בלוט:
— פּיַניק נישט, איך בעט דיך, מאַמע, — גיי פון דאַנען!
כ׳בין געטרייסט, —
אַ דאַנק דיר פאַר דיַן קומען!...

נאָר זי האָט אויסגעבראָכן אין געוויין.
— קום ! — האָט זי דער וועכטער בײַ דער האַנט גענומען.

— אָ, לאָז מיר, לאָז מיר נאָך אַ רגע זײַן מיט אים אַליין !

און שטיל האָט זי צו טאָררעסן גענענט,
אַרויפגעלייגט די דאַרע מאַמעדיקע הענט
און האָט געזאָגט צו אים אַזוי :
דײַן ווייטיקלעך געשרײַ
האָט מאַמעהאַרץ אין פײַניקונג פאַרנומען
און נישט כּדי דיר אָפּווישן די טרער
בין איך צו דיר אַהער
אין לעצטער שעה געקומען !
בײַם ראַנד פון מײַנע טעג
וויל איך דיך זען אַ דערלייזטן,
משיח איז אין וועג —
בין איך געקומען דיך טרייסטן !

און זי האָט געיאָמערט,
געיאָמערט אַזוי ווי אַ בוים אין געוויטער —
— אוי, גאָט אונדזער האַר זאָל זײַן דײַן געביטער,
דײַן היטער —
דער פעלדז פון ישׂראל !...
ווי אַ צייכן פון אונדזער געהאָפטן,
דעם גואל
משיח בן־דוד —
אין שוץ פון זײַן כּבוד —
נעם די קמיעה

און טראָג זי באַהאָפּטן
צום לײַב,
ווי דײַן נפש צו מײַנעם געבונדן...

געזאָגט — און פאַרשוווּנדן. — —

...ווי אַ לעכצנדער צערטלט זײַן לאָגל
וואָס שטאַרקט אים אין מידברשן גאַנג
געצערטלט האָט טאָררעס
זײַן מאַמעס געשאַנק,
די וווּנדער־קמיעה
געהייליקט אין בלוט:
שין,
דאַלעד,
יוד. — —

## שוואַרצע שוועלן

אין שוואַרצן קוואַדראַט פונעם צעל
נאַכטיק־שרעקיק
— איבער שטיין און שוועל —
טרעט פירעקיק פּאָטער פּימענטעל.

קאָפּ נישט קאָפּ, נאָר קאַפּוטשאָן,
מאַנטיע שוואַרצע אָנגעטאָן,
אויגן צוויי — לאַמטערנשייַן.
און דער גרויסער קרוציפיקס
הענגט אַרונטער ביז די פיס
אויף אַ לאַנגער זילבערקייט.

נאָך אים אַ רגע שפּעטער,
ווי אַ שאָטן לאַנגזאַם גייט
אינקוויזיציע גרויס־פּאַרטרעטער
און עס היטן
אין אַ צלם בייַ דער טיר
יעזויִטן —
פּ ר אַ י ל ע ס פיר.

פּאָטער פּימענטעל:
גענעך, מייַן זון,
אָ קינד, פון זינד!
אין בגידה־בונד פון אַנטיקריסט!

איך ווייס:
דײַן זעל איז תּוהו־וויסט
און אויסגעליידיקט דײַן געדאַנק.
דו ביסט קראַנק
און קיין רפואה נישט געשיקט
און מיט ליבשאַפט נישט דערקוויקט
דײַן האַרץ האָט גאָט.
— גענען צו מיר,
נו גיב אַ טראָט,
מײַן קינד!
און אָפּטאָן וועט פון דיר
די זינד
יעזוס קריסטוס,
אונדזער האַר.

דע־טאָררעס:
(שטאַרט)

פּאָטער פּימענטעל:
גענען, מײַן זון,
עס וואַרט
אין הימלען רחמים־צאַרט,
דער דערלייזער פון דײַן זעל,
יעזוס קריסטוס, אונדזער גאָט!

דער וואָס האָט
זײַן קאָפּ און באַק
אויסגעשטעלט פאַר תּליונס האַק
און אַ קרבן פאַר די זינד
זיך געבראַכט פאַר מענטשנקינד. —

— וואַרט פון מענטשן גאָרנישט מער
הייליק זיך דורך טוי פון טרער.

אונטער פליגלען פון זײַן שוץ
ווערסטו שטאַרבן מלא גוטס...

דע־טאָררעס:
געווען אַ מאַן פון עוץ —
איוב האָט געהייסן ער. —
דורך צער און לײַדן שווער
געזוכט די געטלעכקייט
נישט ווערנדיק גאָטס קנעכט —
אין דער אומענדלעכקייט
געהערט די שטים
פון אלוהים —
נישט בלינד
נאָר יושר זוכנדיק און רעכט
אונטער פליגל פון אַ גאָט
וואָס איז מכפר אַלע זינד
פון דעם וואָס נעמט אָן זײַן געבאָט
אין שעה פון אונטערגאַנג —
נישט זיך בוקנדיק פאַר אים —
ס'איז שפּאָט!

פּאָטער פּימענטעל:
אָ, זײַ פון גאָטס באַראָט
באַשיצט, מײַן זון!
דו לעסטערסט זון פון גאָט!
טײַוול קוקט פון אויג אַרויס!
— יעזוס קריסטוס, —
לייז אים אויס!

אַ קשי־עורפדיקער גײַסט
וואָס אַלע פעדעמלעך צערײַסט
אויך בײַ שוועל דער לעצטער

אַ פאַרשפּיגענער,
פאַרלעצטער.

קאָנסט זיך נאָך באַדענקען,
קינד,
און ער וועט שענקען
דיר די זינד.

דע־טאָררעס:
נישט קיין זינד
און נישט חרטה
און נישט מחילה,
לײַטזעליקער פאָטער —
כ׳טראָג מיט גרייטקייט און מיט פרייד
זיסע לאַסט פון גורל־קייט.

פאָטער פּימענטעל:
דײַן אויער אָפן איז
פאַר שיינע רייד
און נישט פאַר וואָר, —
פאַרשאָלטענער!
און דעריבער
צאָלט איר נאָר
מיט לײַב און לעבן
דעם פּרײַז פאַר אייביקייט־געוועבן.

דע־טאָררעס:
דאָס העכסטע וואָס אַ מענטשן איז געגעבן
איז אָפּגעבן דאָס לעבן. —
מײַן וואָרט, —
אָ, גלייב מיר פאָטער,
ביז אַקסל דיך דערגרייכט נישט האָט ער!

און האָרך מיט שׂכל,
האָרך, הער צו:
די האַנט פון ברוך הוא, —
די האַנט וואָס האָט דעם רעגנבויגן
אָנגעצייכנט
נאָכן מבול
האָט פריִער נאָך אויף שטערן פון מחבל
קיִנס צייכן אָנגעמאָלן, —
די זעלבע האַנט
וועט אויך
פאַר לעבנס אונדזערע באַצאָלן!

פּאָטער פּימענטעל:
רק איר צאָלט און צאָלט
כאָטש שולדיק זענט איר אַלץ נאָך
דרײַסיק זילבערשטיק — הײַנט אין גאָלד —
און אין יעדן בראָך
די זעלבע ווידערהאָלונג:
צאָלונג,
צאָלונג...
איך הער ניט מער
די רייד דײַנע פון דורות,
אַפּיקורס,
און וויל זיי מער נישט הערן!

דע־טאָררעס:
מיר שאַפן
קיין געווער נישט
נאָר ווערן זיך מיט שאַפונג.
און זינט די ערשטע טעג פונעם באַשאַף,
ווען בראשיתדיקער שקלאַף
פון זינד

געזינדיקט האָט
אויף אומבאַפלעקטער ערד פון גאָט
אין אומאויפהערלעכן געדראַנג
נאָך האַוועדיקער זעט
פון חיי־שעה —
האָט שוין געלעבט אין אונדז
דער נישט אַנטפלעקטער נאָך
פאַרנעפלטער געדאַנק,
אַז אויב נישט נאָך אין שווינדנדיקן דאָ, —
איז אין קומענדיקער צײַט —
אין ווײַט־ווײַט פאַרלאָפענעם אָין סוף, —
נאָר קומען וועט
פאַר זינד באַגאַנגענע
אַ שטראָף...

פאָטער פימענטעל:
האָף !...

שווינדנדיקע שעהען שוועבן,
שוועבן,
צו צילן נישט דעריאָגטע.
אויף דילן
וואַלגערט זיך אַ לעבן —
אַ לעבן נישט באַקלאָגטער.

פון האָפענונג די רויז,
די בלויע רויז,
אָפּגעבלעטלט האָט דער ווינט.

נישטאָ קיין אויסוועג — אויס.

און ווער פאַרמאַכט אַצינד

די טיר די לעצטע
פון דער צעל דאָ ?

און מאָרגנליכט
פאַר וואָס
האָט אויפגעהעלט דאָ ?

*

קויל און גרויל
און חיה.
לעצטער אײַנגעקנויל
בײַם אָפן מויל
פון פײַער. — —

## שײַטער־גלאָוניעס

לעצטע שײַטער־גלאָוניעס
האָבן נאָך געברענט
מיט אָפּשײַן מיסטישן
אויף שטיינער פון קאָנווענט.

אַש און אַש.
נעם אָן פולע הענט
צעשיט אויף אַלע ענדן.

— ווער דעם וואָס האָט פאַרלענדט
נאָך קומען ווער פאַרלענדן ?

פאַרלענדונג, שענדונג,
פלוך,
על דאַטפּט אַטפּוך ?

אַ טרייסט נאָר פאַר נאַראָנים,
אַז אַלץ פאַרשריבן ווערט אין בוך
מיט אייביקייט־סימנים.

דער אַש פון ייִדישן געביין
אויף אַלע שבעה ימים.

ס'קאָן דערציילן יעדער שטיין
פון נישט פאַרצערנדיקע פלאַמען,
אַז אין דעמפּנדיקע רויכן
וואָס צו הימלען נישט דערהויבן

האָט נישט אויסגעברענט דער תּוכן
אין פלאַם אין אייביקן פון גלויבן.

און אויך זײַן גוף — האָט ער געטראַכט —
אַ גלאָווניע קוים וועט רויכערן
און פאַרלעשן זײַן געשטאַלט
אין נאַכט, אין טיפער נאַכט.

דען אַזוי איז אויך דער סדר
פון אַ בוים אַפילו, — וואַקסט און דאַרבט
און שטאַרבט —
נאָר בלײַבן בלײַבט דער וואַלד.

און אין וואַלד־געשרײַען
פון מײַן פאָלק
וועט בלײַבן אויך דער עכאָ פון מײַן קול.

דער אָפּקול פון מײַן פּײַן — אין יאָמערטאָל.

...טאָררעס האָט געשלוכצט, געוויינט
פאַרשטיינט — אין זיך גערופן —
און געפאָלגט דעם רצון זײַנעם
אָן פאָרוואורף מינדסטן און אָן טענה.

— ...פון איינגעווייטן מײַנע אַלע —
פון אייגן לײַב איך זע דיך, גאָט!
און אין לײַטערניש פון קראַנקן גוף
געהערט גאָטס רוף —
און ווער נתעלה. —

כּשושנה בין החוחים
גייען אויס די כּוחות!

אָ, דערהויך אים גאָט,
מײַן גײַסט, — דערהויב אים
פונעם שטויב, פון אַש!

— דען, וואָס בין איך, וואָס? —
אַ גרעזעלע אין גראָז
פון דײַן באַשאַף
אָ, אָרעמער בר־נש!...

אַלע אֵברים מײַנע — פּיתּות מלאָכים —
זינגען צו דיר שבחים:
— באמונה שלימה גלויב
אין זײַנע דרכים!
אַ ווערעמל, אַ וואָרעם!
אַן אינזעקטל צווישן צמחים:
וואָרעם
גוט איז אים און וווּל
— ער איז נאַקעט־הויל
דאָך אָנגעטאָן אין פאַרבן...

אָ, ווי גוט איז פאַר דיר צו שטאַרבן, —
אֵל רחום וחנון!
פון שאול־תּחתּיה אַנען, —
אַז קומען, קומען וועט דער גואל —
לא ינום ולא ישן שומר ישראל.

— אני מאמין, אני מאמין! —
הגם, הגם ער טוט זיך פאַרזאַמען,
טו איך האָפן,
אַז יעטוועדע רגע
קומען וועט דער גואל
דורך פינצטערע וועגן

דורך גרויל
און דורך פלאַמען. — —

(ס'איז נאָך געשטאַנען
געשטאַלט פון זײַן מאַמען
אין פינצטער פון קאַמער).

— אָ, פול איז מײַן האַרץ מיט דײַן גרויסן נסיון,
מיט פלאַטער און אֵימה און ווי אין ימים־נוראים.
איך פרעג נאָר און האָב נישט קיין טענות.
מיר גייען מיט ווילן מיט דײַנעם
צו יעדן מיזבח און שײַטער.
— וואָס ווײַטער,
וואָס ווײַטער ?...
דו ביסט אונדזער פאַסטעך
און מיר דײַנע שאָף —
פאַר וואָס, אָ, פאַר וואָס אַזאַ שטראָף ?

אונדזער אַש טראָגן ווינטן
אויף פעלדער און וועלדער,
רוצח דיך לעסטערט און שעלט דיך.
נאָר פול איז די ערד
מיט דײַן כּבוד און גנאָד. —
וואָס שווײַגסטו, וואָס שווײַגסטו, מײַן גאָט ?

אין האַרצן נעסטלט אַ שטומקייט — אַ טויב —
די מאַמע נאָך פליסטערט אין אויער : — „גלויב !..."
און ס'קלעפּט זיך באַגינען צו פינצטערער שויב.

...אַ שעה, אַ ליידיקער שאַרבן.
רגעס רגעסווײַז שטאַרבן.

אַלע רוישן אײַנגעשטילט.
שטיל און שטילער ווערט
און אײַנגעהערט גאָטס ערד.

דע־טאָררעס, פּאַטערלעך און מילד
דורכגעלויכטענער פון גליק,
צו ווײַסער ליכטיקייט בליקט
וואָס איז אין פענצטער פון זײַן צעל
אַרײַנגערונען.

ס'איז הײַנט זײַן טאָג דער שענסטער
און זײַן פרייד האָט ער געפונען
און אין רו
דערוואַרט זײַן לײַב
דעם טויט —
זײַן אייביק ווײַב.

דער טויט קומט אָן ער דערלייזט אים.
אַ שטים אין אים —
זי הייסט אים
טאָן דעם רצון פון אֵל שדי,
אים געהאָרכן.

און אָט קומט טאָג מיט שטילע שאָרכן.
אין גאָרטן פליסטערן די גראָזן :
צווישן אונדז אָט דאָ איז גאָט פאַראַן
און פון דאַנען — נאָר אַ שפּאַן, אַ שפּאַן
צו אייביקייט...

און גוטסקייט קומט
אויף שטילע פליגל
מיט צאַרטער האַנט

זי שליסט אים אײַן
אין דעם זיך שליסנדיקן עיגול
פון אַלערהעכסטן, העלסטן שײַן.

און װען די גלעקער האָבן אויסגערופן:
א י ב ע ר ע נ ט פ ע ר ן
די גופים
פון די זינדער — —
און אָנגעלויף פון פעבל
האָט געװישט מיט נישטיקייטן פון דער ערד,
האָט טאָררעס דורכזיכטיק געזען אין נעפל
פון בלינדער־בלענדענדער מינוט
אין פײַער־קרײַז פון בלוט
זיך צייכענען
דאָס װאָרע װאָרט
פון געטלעכן יסוד
װאָס װעט אַ מאָל נאָך אָדומס שװערד
אין אַקערס איבערגיסן.
אַז װיל, אַז װיל
דעם אויסדערװיילטן זון
פון פאָלק ישׂראל
װאָס אין פײַן פאַרנומען האָט
די העכסטע פרייד פון פרוװונגען פון גאָט.

...און אין פלאַם איז אויפגעגאַנגען זײַן אחד.

(מעקסיקע — 1938–1939)

# וועג צו אייביקייט

„...און ס׳זאָל דער הימל מיר שענקען זײַן גנאָד,
און די ערד זאָל וויינען איבער מיר...״
(פון קאָלומבוסעס טאָגבוך)

צו אַ שטראַלנדיקן אונטערגאַנג
איז די אָוונטזון געגאַנגען.
מיד איז זי געווען פון וואַנדערן
אויף קרומע הימלבערג.
אָוונטרו איז אויסגעשפּרייט געווען אין טאָלן
און פון דאָרט איז נאַכט געקומען
טראָט בײַ טראָט.

שטראַלן דינע פון דער זון,
ווי טויבן־פליגל,
האָבן אָנגערירט די שויבן בלויע
פון קאָלומבוסעס געצעלט
און געצונדן רויט ס׳געזיכט פון יעזוסן
אין וואַקסנדיקער רויִקייט
פון אָוונט־שעה.

בײַם הימלזוים
האָט זיך די זון אַ לאַנגזאַמע געשאַרט,
נאָר פאַרגאַנגען איז זי נישט.
זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן דאַך,
אויף יעדן קלויסטער צלם־שפּיץ
און אויף דעם געלן בראָנדזענעם קופּאָל

פון וואַיאַדאָלידער אַלטן מאָנאַסטיר
פון וואַנען ס'טראָגט זיך איצט
אַ כריפּלע הייזעריקער גלאָקנקלאַנג
אין אויסגעמיש מיט טרויעריקן כאָר־געזאַנג:
ווענִי קאָראָנאַבעריס,
הללויה,
הללויה...
אַ ווידערקול פון ווײַט זיך קײַקלענדיקע וואַסערן
אין בערג,
האָט אָפּגעהילכט זיך לעשנדער געזאַנג
אין אויערן פון אַלטן אַלמיראַנט.

אַ תּפילה, אין אָנגעזיכט פון קריסטוסן דעם האַר,
האָט דער אַלטער אַלמיראַנט, קריסטאָפאָראָ קאָלאָן,
מיט לעפצן האַלב־פאַרשלאָסענע, געשעפּטשעט,
בײַם ברעג פון אונטערגייענדיקן טאָג,
וואָס טליִעט ווי אַ קלויסטערליכט און גייט נישט אויס...

אין סאָד, מיט ווילדערניש פאַרוואָקסענעם,
האָט נזירדיק און פרום אַן איינציקער אָליוונבוים געשאָקלט זיך
און דעם קאָפּ צעפלאָשעטן געבויגן צו דער ערד.
אַ פויגל איז פאַרגאַנגען זיך אין וואַיענדן געכליפּ. — —
קאָלומבוס איז אַצינד מיט זיך אַליין געווען
און מיט זײַן לעצטן זיך שוין לעשנדן געדאַנק. — —

„וואָס איז מענטש?״ האָט ער געטראַכט
„אַ שטויבעלע אין שטורעם־ווינט!״
צו זײַן לעצטן זעגל גייט דער ים אַליין אַנטקעגן מיט זײַן רויש. —
דער ים, דער נעפּלדיקער ים, ווי דער אומרו־שפּיגל פון זײַן האַרץ. —
„מײַן שיף וועט שוין אין ערגעץ נישט דערגיין!״ —
ער האָט מיט פינגער וואַקסענע געוואָלט נאָך אָנכאַפּן אַ פאָדעם פון
געדאַנק

און נישט געקאָנט. —
אין דימיון באַלד־פּאַרטונקלטן דריוולט זיך אַ קנויל
און וויקלט לויטערן געדאַנק:
ווידער יאָגט דער ים אין אייביק־כוואַליעדיקן לויף
„אָ, ים, מײַן ים, אַזאַרט פון יוגנטלעכן טרוים,
אין די תּהומען דײַנע, שלאָפן איצט חלומות מײַנע שוין דערטרונקענע! —
פאַרגאַנגענהייט?
— פון שוים האָט ווער זי בײַ די ים־ברעגן די זאַמדיקע געשריבן
און ס'האָט דער ווינט זי אָפּגעמעקט שוין לאַנג!
אָט הערט ער קלאָר, קאָלאָן,
דאָס קול פון זײַן פאַרגאַנגענהייט:
„דו נאַרסט זיך אָפּ! איך קום נישט מער צוריק!
זי איז ווי אַ האַנט, וואָס פלאַטערט ווײַט צו אַ שיף וואָס גייט אַוועק!
דאָס לעבן דאָס פאַרגאַנגענע
ס'טנישט לעבן נאָך אַ מאָל, מײַן קינד!"

זי שרײַט צו אים, און עס איז באַקאַנט אַזוי איר שטים.
ווער רעדט צו אים,
ווער וואַגט צו זאָגן אים איצט שטראָפנדיקע רייד?...
ער איז דער קאַפּיטאַן פון דער אונטערגייענדיקער שיף!
און ווער וואַגט אים ווידערשפּעניקן, ווער וואַגט?
אים, דעם אַלטן אַלמיראַנט?
— ערד איז נאָענט, נאָענט איז דאָס צוגעזאָגטע לאַנד!...
*
ווי אַ לאָמפּ אין ווינט,
האָט געפלעמלט און געלאָשן זיך דאָס אויגנליכט פון גרויסן נאַוועגאַנט.
אָט האָט ער געזען, ווי דורך אַ גלאָז
אין חלל פון פאַרגאַנגענהייט —
דעם מידבר־דערנערוועג צום אויסגעטרוימטן לאַנד,
און אָט — האָט אויסגעזען זײַן זײַן:
אַ שיף אין אָוונט־האָריזאָנט.
וואָס גייט אַוועק פון קיינעם נישט באַמערקט.

אָט איז ער אַ קינד אין גענוע:
זײַן פֿאָטער מיט דער באָרד דער ווינטיקער,
און ס'שמעקט פֿון אים מיט זאַלץ, —
צערטלט אים און גלעט:
— קינד, מײַן קינד, מײַן צוקונפֿט־קאַפּיטאַן! — —

זײַן קול, דורך ווײַטע וואַסערן, רעדט צו אים אַצינד.
ער פֿרייט זיך מיט זײַן זיג.
אָט טאַפּט ער אָנעט זײַן געשטאַלט,
און זײַן געזיכט, ווי אַ מעדוזע, גליטשט זיך אויס און שווימט אַוועק.
און אָט איז ער אין שטורעמווינט:
אַ וויאָסלעדיקע שיפּל שיפּט —
זײַן ערשטער וועג אויף וואַסערדיקער וועלט.
כוואַליעס וואַרפֿן זיך אויף אים, ווי חיות אויפֿגערייצט:
ער ראַנגלט זיך דעם ערשטן מאָל מיט ווינט:
ער שווימט און שווימט דורך קאַלטער טיפֿעניש פֿון מיטללענדישן ים
און קומט ניצחונדיק צום פֿעלדזן־ברעג אַרויס.

יאָ, יאָ, ער האָט געזיגט, ער האָט אַ שטורעם דורכגעמאַכט,
ער ווערט אַ ים־פֿאָרער, ער ווערט אַ נאַוועגאַנט. — —

און איצט! — זײַן חלום איז שוין ווירקלעכקייט!
ימען שטורמיקע שוין דורכגערײַזט;
נײַע ערד און הימלען נײַע שוין געזען;
אַ נײַע וועלט געבראַכט דער וועלט — אַ גאָלדענעם געשאַנק;
דעם שפּיץ פֿון רום דערגרייכט;
די קרוין פֿון גליק געטראָגן שטאָלץ
אויפֿן מידן, אַלטן קאָפּ; און ס'קומט אַצינדערט־אָ אין אָוונטשײַן צו גיין
דער לעצטער היטער פֿון זײַן רו און זאָגט צו אים:
— גענוג, מײַן קינד, גענוג,
אויך דערנער־וועגן ברענגען צו אַ ברעג:
דער סוף פֿון גאַנג איז רו,
און גאָרנישט מער, גאָרנישט מער!

עס עפנט אויף, קאַלאָן, די אויגן זײַנע גרויס, און לאָזט זיי פֿאַלן
אויף דעם ברעקל ליכט, וואָס שפּילט זיך אויף דער וואַנט:
די גאַנצע וועלט איז איצט איין טראָפּן ליכט.
און אין דעם טראָפּן גייען וועלטן אויף און קומען אום.
דער וועג פֿון גרויס ביז קליין — אַ שפּאַן איז נאָר, אַ שפּאַן,
און נאָך דעם שפּאַן דעם איינציקן — אַ תּהום,
און אָט דעם תּהום וועט ער נישט איבערגיין...

איין בריק איז נאָך פֿאַראַן, וואָס פֿירט אויף יענער זײַט:
די בריק איז האָפֿענונג — און ס'לעשט זי ווער מיט שוואַרצער האַנט!

ווער זאָגט עס אים, אַז לעצטע בריק איז אָפּגעמעקט?
מענטש שפּרײַזט ווײַטער פֿון זײַן טרוים.
און ווײַטער פֿונעם טרוים וואָס איז?
ווײַטער פֿונעם טרוים איז אייביקייט!
און אייביקייט ווו פֿירט?
ס'איז אייביקייט די בריק וואָס פֿירט אין ערגעץ נישט.
— אין ערגעץ נישט, מײַן גאָט?
יאָ, יאָ, אין ערגעץ נישט, אין ערגעץ נישט!

אָ, ניין, דאָס לעבן איז אַ ראָד אַזאַ,
אַ ראָד פֿון ליכט און פֿינצטערקייט אין קרײַז,
אַ ראָד אַזאַ אין אייביקן געדריי.
— און צווישן אָט דעם ראָדגעטריי איז וואָס?
צווישן ראָד אָט דער, אין אייביקן געלאַף, —
איז מענטשנס זײַן:
אַ פֿאָדעם־קנײַלעכל וואָס וועבט אַרום די ראָד
און פּלאָנטערט זיך נישט אויס.

יאָ, יאָ, עס פּלאָנטערט זיך נישט אויס!
דעם מענטשנס זײַן — אַ קנײַלעכל אַזאַ, וואָס דריוולט זיך
אין פֿעדעמלעך, אין צאַרטע, דינע פֿעדעמלעך ווי טרוים,
וואָס וועבן אויס דעם אייביקייטס געוועב.

די פעדעמלעך פון טרוים דעם מענטשלעכן,
זיי וועבן זיך אין זונפֿאַרגאַנג אַרײַן
זיי שטריקן אויס אַ פּנים פון אַ זון — און אין לבנה־ליכט
איז דאָ דאָס חלום־פעדעמל פון מענטש.
און אומעטום, ווו ס'לעבט אַ חלום אויף אין פֿאַלדן פון געדאַנק,
גייט אויף דאָס ליכט פון אונטערגאַנג צוריק,
דאָס ליכט פון אויג שוין דעם פֿאַרשטאָרבענעם,
דאָס בלויע, ווונדערלעכע ליכט פון אייביקייט.

אָ, ניין! זײַן אויגנליכט דאָס אייביקע,
דאָס ליכט וואָס האָט די נעפּלען דורכגעבליקט,
ים־מידבריות דורכגעשניטן, ווי מיט שווערד, —
זײַן אויגנליכט,
וואָס האָט אַ וועלט דערזען
פון קיינעם נישט באַמערקט, —
אָ, עס וועט דאָס גרויסע ליכט נישט אונטערגיין!

— טאָ, ווער זשע, ווער? טאָ ווער זשע שפּאָט פון אים,
פון א י ם, דעם אַלטן אַלמיראַנט?
— ערד איז נאָענט, נאָענט איז דאָס אויסגעטרוימטע לאַנד!

עס איז דער הימל פון פֿאַר נאַכט געווען
איין גרויסע, רויטע ווונד.
און אין אָט דער שעה פון אונטערגאַנג
איז פֿאַר קאָלומבוסן געשטאַנען איצט,
מיט אַרויסגעבלעקטער צונג,
ז ײַ ן שׂנאה צו דער וועלט:
עס האָט זײַן מויל זיך גסיסהדיק געקרימט:
„וועלט, מײַן וועלט, פון ליבע און פון האַס,
וועלט פון אומגערעכטיקייט און רשעותדיקער טאַט!
אָ, וועלט, מײַן וועלט פון יושר און גערעכטיקייט. —
— גערעכטיקייט! — —

— גערעכטיקייט, וואָס איז?
— עס איז גערעכטיקייט: די קייט וואָס בינדט
די פיס פון גייער צו זײַן טרוים;
דער שלאָס אויף ליפּ פון גרעסטן וואָרט
וואָס ווערט נישט אויסגערעדט!
יאָ, יאָ, עס איז גערעכטיקייט:
דער זשאַווער פון געדאַנק,
וואָס האָט זיך אײַנגעגעסן טיף
אין מענטשלעכן פאַרשטאַנד
פון דורותדיקן גיין אויף זעלבן וועג.

— און געזעץ וואָס איז, געזעץ?
עס איז געזעץ: די שווערד, די האַק אין תּליונס האַנט,
וואָס פירט אויס דעם ווערדיקט!
געזעץ איז אויך — די שאָף פאַראורטיילטע צו אָפּגרונטן
פאַר זינד גאָר נישט באַגאַנגענע;
עס איז געזעץ: דער טכויר, וואָס ווערגט די הון,
און די הון, וואָס עסט אַ ווערעמל אין שטויב.

*

...די שרעק, וואָס פאַרן טויט, האָט אײַנגענעגלט זיך אין האַלדז,
און דעם אָטעם, ווי מיט פויסטן אים געדריקט.
האָט קאָלומבוסעס געשטאַלט געמיניעט זיך, ווי שוים
אין זונענגאָלד, און ס׳האָט אַ שײַן,
נישט העל, נישט נעפּלדיק — פאַר די אויגן זיך אַ מיש געטאָן —
אַ שײַן אַזאַ, וואָס גייט נאָר איין מאָל אויף אין לעבן און פאַרגייט.
און געזען האָט ער, קאָלאָן, אין אָט דער אויסטערלישער שײַן,
די זעונגען, וואָס גייען אויף אין מענטשנס לעצטער ווײַל,
ווי דאָס ליכט, וואָס ס׳טרעפט אַ מאָל עס קומט צו איינעם
וואָס איז בלינד געווען:

ער האָט געזען זײַן חלום־לאַנד.
און אין טײַך דאָרטן דעם גאָלדענעם,

צווישן דורותדיקע פעלדזנבערג,
ביז די קנעכלעך אינעם וואַסערפלוס פאַרזונקענע —
שטייען מענער ווילד־פאַרוואַקסענע
און פרויען דאַר און קוואַר ;
און מיט הענט צעשפּאָלטענע זיי שעפּן הויפנס גאָלד
און שיטן עס, נישט אָפּגעטיילט פון זאַמד,
אין אויסגעהוילטע שיסעלעך פון האָלץ.

און זייַנע מיטפאָרער,
די ווייַסע פאָרשטייער פון ווייַטער, אומבאַקאַנטער וועלט,
שטייען דאָרט בייַם טייַך
מיט בייַטשן אין די הענט,
מיט שווערדן אויפן דיך
און מיט ביקסלעך ראָסטיקע
אויף שמאָלע שולטערן,
זיי טרייַבן אָן די קנעכט, און נעמען צו דאָס רויב.

ס׳האָט קאָלאָן, ווי ווערעמלעך,
בילד נאָך בילד אַוועקגעשאַרט פון אויג ;
און געזען האָט ער די שקלאַפן נאַקעטע זיך ווידער טרייַבנדיק,
ווי קעמלען דאָרשטיקע אין ווּיסטערניש ;
אַ קוואַל אָט זוכן זיי צו אָנטרינקען די מייַלער בראַנדיקע
און ס׳איז קיין וואַסער־טראָפּנדל נישטאָ.

פעלדזנשטיינער שלעפּן זיי אויף אַקסלען האָרביקע
צום טעמפּל, וואָס מע גרונטפעסטיקט צו גאָט.
און זיי, די אָרעמע, זיי האָבן נישט קיין תּפילה אויף ליפּן דאָרשטיקע ;
און אין הימלען ליידיקע — זיי האָבן נישט קיין גאָט...

*

...און ווידער האָט די פינצטערניש זייַן אויגנליכט פאַרפלייצט :
געזען האָט ער גאָרנישט־ניט, געהערט נישט מער אַ כוואַליעדיק געשריי

שלאָגט אָן אין פּויקן פון די אויערן, ווי אַ כוואַליע
פּאַטשט אין באָרטן פון אַ שיף:
— אַזוי פיל וועזנס פאַראַנען, וואָס רעדן צו הימלען
און ברענגען די עוולות צום האַר פון די וועלטן;
זיי פאָרכטן פאַר גאָט — און מענטש איז אויף הפקר;
די ווונדן פון מענטשן וועט גאָט נישט פאַרהיילן;
אין צער פון באַזיגטן דאָס גליק איז פון זיגער;
פון קבר צו קבר — איז מענטשנס טריִומף! — —

און ס'האָט ווי אַ ווינטל שטיל אין אויער, פון זקן,
געפּליסטערט דאָס קול פון דע־טאָררעס:
— נ י ש ט א י ך א ו ן ד ו, —
נ אָ ר א י י ב י ק א י ז ד י צ ײַ ט.
א ו נ ד ז ע ר ש י ף ו ו ע ט א ו נ ט ע ר ג י י ן,
נ אָ ר ב ל ײַ ב ן ו ו ע ט ד אָ ס נ ײַ ־ אַ נ ט ד ע ק ט ע ל אַ נ ד!

...און נידערן גענידערט האָט די זון
אַ שטאַפּל נאָך אין טאָל פון אונטערגאַנג.
און אַ סוד געמורמלט האָט דער ווינט
די ביימער אין דעם סאָד:
„די נאַכט קומט אָן, די נאַכט!"

עס האָט קאָלאָן באַשײַנפּערלעך געהערט איר יעדן טראָט,
איר יעדן שפּאַן; זי קומט די נאַכט, זי קומט!
זי פּאַטשט מיט פליגל שוואַרצע אין זײַן האַרץ.
ער האָרכט אַ שאָרך פון טריט אין אויפגעמאַכטער טיר:
זי גייט די נאַכט,
זי קומט!
— אַ רגע נאָר פאַרהאַלט דײַן גאַנג,
אָ, נאַכט, מײַן נאַכט!

ער האָט געוויספּערט אין דער שטיל
צו גאָט זײַן האַר, וואָס האָט אים דורך ימען דורכגעפירט
צום אויסדערוויילטן לאַנד.

— אוי גאָט, מײַן גאָט ! —
ט׳ער ווערטער אײנציקע געבונדן אין אַ שנור —
גאָט, מײַן גאָט, לאָז אַ שטראַל פון זון נאָך אין מײַן אויג,
לאָז מײַן אויג זיך נישט פאַרמאַכן !
אָ, לאָז נאָך טרערן מײַנע טריפן, און אין ווייטיק לאָז נאָך לײַטערן
דעם ווילן גרויסן פון באַזיגער !
אָ, לאָז נאָך שאַרפן מײַן דערפאַרונג אויף די שאַרפן פון געפאַרן
און לאָז מיך איין מאָל נאָך אויף ימען שטורמיקע נאָך שווימען !

...און דורכן טרערן־זיפּ פון זײַן זיך לעשנדיקן אויג,
האָט ער געזען, ווי דורך אַ נעפל אויפן ים, ס׳געזיכט פון קריסטוסן זײַן
האַר :
ער האָט אין דמיון איצט געקניט פאַר אים און גסיסהדיק געשלוכצט :
— אוי לאָז מיך לעבן, גאָט, באַשעפער !
כ׳וויל נישט שטאַרבן, כּל־זמן זאָמען ערשט פאַרזייטע
נישט זיי וואַקסן נישט זיי בליִען.
אָ, לאָז מיך פרוכט פון אומגליק שנײַדן,
אין מײַן פּײַן נאָך לאָז מיך לעבן !
שנײַד נישט איבער מײַנע קייטן,
איך וויל זיי טראָגן, און אין זשאַווער זאָלן וואונדיקן די גלידער !

איך קאָן נישט, גאָט, אין שטילקייט בלײַבן,
ווי אַ פעלדז בײַ ראַנד פון ימען !
לאָז מיך גיין נאָך אויף די דערנערדיקע וועגן,
לאָז מיך שטרויכלען זיך און פאַלן,
לאָז מיך וואונדיקן און בלוטן,
נאָר לעבן לאָז מיך, האַר פון וועלטן !
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...בלודנע האָט קריסטוס געקוקט אויפן גוסס,
געזען עפּעס גרויסעס
אין שטאַרבנדיקע אַפּלען. — —
ס'איז עמעץ געגאַנגען אויף שטאַפּלען,
געקלעטערט צו זילבערנע הויכן.

ווי צײַט וואָס לאָזט לויפן אין אָפּגרונטן יאָרן,
ווי דורות וואָס שווינדן אין זאַמד פון מדבריות,
האָט ווי אַ שטראַל נאָך, קאָלומבוסעס בליק אַ צעקרימטער,
געבלאָנדזשעט אויף ווענט,
אין שפּינוועבס פאַרוועבט זיך, פאַרפּלאָנטערט געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...שטילקייט אין ווײַסן, בײַם טויטנס געלעגער
געגלעט האָט אַ ווינקל פון שמייכלענדן פּנים,
געצערטלט אַ ברעמהאָר,
געשפּילט מיט אַ טרער זיך
פאַרגליווערט אויף באַקן.

די נאַכט איז געקומען
אַן אַלטע מאָנאַשקע
געקניט פאַרן טויטן,
די פינגער פאַרבראָכן,
געיאָמערט בײַ ליכט פון דעם לעצטן ביטחון.

...לעצטע שטראַלנדיקע ליכט אין דעמערפאַל,
אַ ציטערדיקע טרער אין אויג קאָלומבוסעס,
האָט אויפגעשטעלט אַ בלינדע, חושכדיקע וואַנט
און אַלע דורכלויכטן פאַרמאַכט.
אויף לעצטן שטיקל וואַקלענדיקער ערד
פון אַלמיראַנט —
איז אָנגעקומען נאַכט.

מעקסיקע — 1939

# אינהאַלט